№ 4. צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס־צייטונג

21 Januar 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג“ ווארשא. כ"ב טבת תרס"ג.

אינהאלט: נישט זיבעצע זיבערקייט; ד"ר ה. ד. הורוויץ. — די יודישע חברות אונ פארטייעס אין עסטרייך; יעקב שאר. — פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס; III ציוניסטישע נייעס. — לאדוער בריעף; אברהם —טער. — מחשבות; מ. י. ב. - פונ'ם עולם התהו; אנלגול. — דער יודישער גלות; שאול יצחק סטופניצקי. — פאלקס געזונדהייט: אנשטעקענדע קראנקהייטען; ש. ג. — די בעל־הבתישע ליטעראטור שלום עליכם. — ליטעראטור אונ קונסט. — אלערליי.
יודישע פרויען-וועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — דאס יודישע פרויענליק; פאולינע ראבינאוויץ. — מודעות
פעליעטאן: צעווייעט אונ צעשפרייט; שלום עליכם.

## וויכטיג
פיר סוחרים און פאבריקאנטען.

מאכע היערמיט בעקאנט, דאס אום צו קענען אויספיהרען רעעל און זויבער די בעשטעללונגען פון די געעהרטע קליענטען, האבע איך מיינע 17 יאהר לאנג עקזיסטירענדע

## שילדער־פאבריק

איבערגעטראגען פון דזיקא 16 אין א פיעל גרעסערען לאקאל

דזיקא 26

און נעהמע אויך אן אללערארט מאלער ארבייט אין געזועלבען און פאבריקען צו אללער בילליגסטען פרייזען.

**M Burgin, Warszawa Dzika 26.**
4—1 (141)

---



עס ווערדען געזוכט אגענטען אויף זעהר גוטע בעדינגונגען.
איללוסט. פרייז־קוראנטען ווערדען פערזענדעט אומזאנסט.

**Контора фабрика каучуковыхъ штемпелей и гравернаго заведенія**

## Ш. Е. ФРИДМАНА

Варшава, Бѣлянская 23.
10—10 (97)

---

## וויר מאכען אויפמערקזאם

אויף דען פריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** ווארשא מוראנאווסקא 14. אלע אפעראציאנען ווערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר בארעל. אנגענומען ווערדען חירורגישע קראנקע יעדען טאג פון 3-10 פריוואט וואהנונג דזיקא 3 פון 9—10 אונד 7—4.
(38) 26—18

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע.
ניט זאמט און פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.
(25) 52—21

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

# Bracia Pryzment & Aleksander Lewin.

אליין־פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד אונד פוילען

# טואלעט־זייפען אונד פערפומען

דער בעריהמטער פאבריק

# Gust. Stuermer

רעקאמאנדירען בעזאנדערס בלומענזייפען פערשיעדענער גערוכען, וויא אויך **Semiramis** אונד א נייע סארט זייפע **Trianon**, אויך אללע סארטען א־דע־קאלאן, אונד **בלומען־א־דע־קאלאן** אין פערשיעדענע גערוכען.

5—1 **Warszawa, Pasaż Simonsa skłep Nr. 11.** (133)

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25־יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**
Варшава, Слизкая 22.
(105) 25—5

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו באה"ק. ותולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקישוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Iешурунъ", Вильна**
**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland**
(45) 25—

---

פאבריק פאן פייער־פעסטען

## אייזערנע קאססען

עמפפעהלט איהרע אויסארבייטונג נאך דעם נייעסטען סיסטעם קאנקורירט מיט דיא פרייזען. אויך פערגרעסער איך די N.N. געגען אנדערע פאבריקאנטען.

פרייז־קוראנטען פראנקא.

Щ. ХАРИ, Варшава
Новолипье 40.
(102) 10—9

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע עט פלאטטע־וואארען.
(128) 50—4

И. ШЕКМАНЪ
Варшава, Налевки № 20.

---

## ד"ר מ. קעניגשטיין

**ווארשא, גראניטשנא № 6**

בעהאנדעלט האלז־, אויערען־ און נאזען־קראנקהייטען ביז 10 אין דער פריה און 4—6 נאכמיטאג. אין דער היילאנשטאלט דזיקא 26 פון 2 ביז 3.
(96) 10 - 50

---

## מיטלען צום לעבען.

דיא אלע לעהרעס וועלכע איך לעהרען מאכען: זייף (איינינע סארטען), ברעזעהל, שוה־וואכס, וואגען־שמיר, לאקיער און נאך פערשיעדענע וויכטיגע אויסארבייטונגען האב איך צוזאממענגעשטעלט אין א בוך פיר פרייז 3 רובל אלע ארטיקלען, איך אנטווארטע אויף פראגעס אונד שיקע ראה־מאטעריאל לויט פערלאנג.
(75) (10—9)

И. М. МАТУЗОНЪ
Варшава, Милая ул. 17.

---

## שיין שרייבען

פערשיעדענע שריפטען ערלערנט אין 20 לעקציאנען די ערגסטע צעבראכענע און געציטערטע האנדשריפטען, עכט קאליגראפיע

## ש. טייטעלבוים

נייע מילע 38, וואהנונג 56.
(134) 4—2

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

יהושע טייטעלבוים דזיקא 18

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקעלן, אקסידירען, און בראנזירען פערשיעדענע מעטאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע און פערזילבערטע כלים אויף צו פרישען ווי גאנץ נייע. גאראנטיערט פיר דויערהאפטיגייט און צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

נייעס! פערשיעדענע אויסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמען־גירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ בילליג.
(99) 20—10

---

חירורגיש־ארטאפעדישע אנשטאלט

## פון ד"ר רייכשטיין

נעהמט אן צו חירורגישע בעהאנדלונג אויסגעקרומטע שדרות און פיס; געלענק־ און מוסקעל־קראנקהייטען, ווי אויך צו מאססאז, פון 4 ביז 6 אוהר. אין דער ארטאפעדישען ווערקשטאט ביי דער אנשטאלט ווערדען פערפערטיגט דורך ספעציאליסטען: קארסעטען, אפאראטען צו האנדע און פיסע (שיענען הילזענאפאראטע העססינג) קינסטליכע פיסע, אלערליי רופטור־ און בויך־גארטעל א. ז. וו.

**31 לעשנא 31**
(131) 10—8

---

## קמח פסח

מבה"ר החדשים של

## מאלדאווסקי בחרקוב.

אודות פרטי המקחים והאופנים (קונדיציעס) ודוגמאות (פראבען) יובלו לפנות ע"פ האדריסא:
1—1 (137)
Харковъ, Айзику Лифшицу

---

## פארזיכטיג!






דאס איינציגסטע מיטעל צו א ברוך איז נאר ברוכבענדער וועלכע האלטען גוט איין דעם ברוך און דרוקען נישט דעם. קערפער, וועהרענד גענצליך אויסצוהיילען איז אונמעגליך.

(135) 50—2

זאלכע פערפערטיגט די פירמא

**Д. Мошковскій. Варшава**

Налевки № 37.



וועלכע איז בעעהרט וואָרדען מיט מעדאלע פון דאָקטאָרסקע אויסשטעלונג.

**37** צו בעאבאכטען דעם נומער **37**

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל אונ דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס-ציטונג
## א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

21 Januar 1903. Nr. 4. כ"ב טבת תרס"ג.

ברכה בת ר' שמאי וואלים
שמעון ב"ר משה דוד לאזאוויק
מאָרשים
כ"ז מרחשון תרס"ג 4 נאוועמבער
שדה—לבן קיעוו.



## נישט זיכערע זיכערהייט.

(פארטזעצונג)

אין ענגלאנד, למשל, ווי מען האט אויסגערעכענט, האבען געלעבט אין די יאהרען 1890—1900 בערך 92088, וואס זענען אלט געוועזען 21 יאהר, פון זיי זענען געשטארבען אלע יאהר בערך 683. אז אלע ענגלענדער פון 21 יאהר וואלטען זיין אסעקורירט, וואלט מען מוזען בעצאהלען אלע 683 מענשען. רעכנען מיר טויזענד רובל א מענשען, מוז די געזעלשאפט אויסצאהלען 683000. לעגט מען דאס געלד פענאנדער אויף אלע 92588, קומט אויס אויף יעדען מענשען 7,38 רובל, נישט מעהר ווי זיבען רובל מיט אכט אונ דרייסיג קאפיקעס. אונ ווען די געזעלשאפט נעמט פאר טויזענד רובל פון יעדעם צו צעהן רובל, מאכט זי דאבײ א גוט געשעפט.

מענשען, וואס זענען אלט 50 יאהר שטארבען שוין מעהר. מען האט אויסגערעכענט, אז אין ענגלאנד האט אין דעם משך פון 1890—1900 געלעבט איין ערך 69517, פון זיי זענען געשטארבען 1108. די געזעלשאפט פון אסעקוראנץ מוז בעצאהלען פון יעדעם טויזענד רובל—1108.00, דאס הייסט מעהר ווי א מיליאן רובל. זי צעלייגט דאס ווידער אויף אלע 0 יעהריגע מענשען, קומט אויס, אז יעדער דארף צאהלען צו פינפצעהן רובל מיט פיער אונ ניינציג קאפיקעס, אויב די געזעלשאפט זאל נישט מעהר אויסגעבען נאר וואס זי צאהלט אויס די קינדער אדער קרובים פון די מענשען, וואס שטארבען. זי דארף אבער פרנסה, רעכענט זי נישט 16 רובל פון טויזענד, נאר 20 רובל (אדער אפילו עטוואס ווייניגער) אונ מאכט דאבײ א גוט געשעפט.

ווער זשע צאהלט פאר די שרפות? ווער גיט ירושה די קינדער פון די געשטארבענע? נישט די אסעקוראנץ-געזעלשאפט, נאר מיר אליין, מיר, די מענשען, וואס צאהלען דער אסעקוראנץ-געזעלשאפט יעדעם יאהר א בעשטימטע סומע געלד. עס קומט אלזא אויס, אז מיר העלפען איינער דעם אנדערען אונ זענען ערב איינער פאר דעם אנדערען. האט איינער א היזק דורך א שרפה, אזוי האבען אנדערע מענשען איהם אבגעצאהלט זיין היזק, שטארבט איינער, אזוי האבען די אנדערע מענשען אויסגעצאהלט געלד זיינע קינדער, זיי זאלען קענען לעבען אויך אהן זייער פאטער אונ זאלען נישט דארפען אנקומען צו נדבות.

מען קאן דאס נאך אנדערש זאגען: אלע, וואס סטראכירען זיך, צעטהיילען דעם היזק, וואס מען האט דורך שרפות, צווישען זיך, אונ יעדעם קאסט דאס 15 אדער 0 רובל א יאהר. דורך דעם וואס אלע בעלי-הבתים פון הייזער נעהמען אויף זיך די היזיקות, וואס האבען עטליכע פון זיי דורך שרפות, איז דער היזק פאר יעדען נישט אזוי ניכר, ווארום יעדער פארליערט א קליינע סומע געלד, אונ די נשרפים ווערען נישט מיט אמאל אומגליקליך, ווערען נישט פלוצלינג ביטערע ארעמע לייט, אדער די קינדער פון די געשטארבענע בלייבען נישט אהן מיטלען נאך דעם פאטערס טויט, אונ אזוי ווייטער. דורך דעם, וואס אלע זארגען פאר דעם איינציגען, אונ יעדער איינציגער איז מסכים צו נעהמען אויף זיך א חלק פון זיין חברים היזק אדער די פאר-

זארגונג פון זיין פאמיליע בעת ער שטארבט, -- דורך דעם ווערד יעדער איינציגער זיכערער און ער קאן רוהיגער לעבען.

וואס זשע טהוט אייגענטליך די אסעקוראנץ-געזעלשאפט? זי פארמיטעלט נאר צווישען דעם איינציגען און דער גאנצער געזעלשאפט. דורך דעם, וואס זי נעמט פון יעדען מענשען אביסעל געלד פאר אסעקוראנץ, און צעטהיילט די צונויפגעקליבענע געלד צווישען די וואס זיי האט געטראפען דאס אומגליק, פאראייניגט זי אט די אלע מענשען און מאכט זיי חברים אין אומגליק, מאכט זיי ערב איינער פאר דעם אנדערען. די געזעלשאפט טהוט דאס אבער נישט מחמת ווייל זי וויל האבען א מצוה, ווארום זי אליין איז דאך באמת נישט מחויב געהמען אויף זיך אזא גרויסע עבודה און פאראייניגען אלע מענשען אין איין בונד, בעזונדערס אין אומגליק — זי טהוט דאס מעהר נישט, ווייל זי פארדיענט דערפון, ווייל זי מאכט זיך פון דעם א געשעפט.

ווי גרוים די הכנסה פון די אסעקוראנץ-געזעלשאפטען איז קאן מען זעהען פון דעם איינציגען ביישפיעל: אין יאהר 1900 האבען 5 אסעקוראנץ-געזעלשאפטען אין רוסלאנד בעקומען הכנסה פאר לעבענס-פארזיכערונגען אליין קרוב פון 10 מיליאנען רובל. אט די 10 מיליאנען רובל האבען די צאהלער אוועק געגעבען די אסעקוראנץ-געזעלשאפטען מעהר נישט פאר דער טובה, וואס זי האט זיי געטהאן מיט דעם, וואס האט זיי פאראייניגט אין איינעם אין זייער אלגעמיינעם אומגליק.

און עס איז זיכער, אז די מענשען וואלטען פארשטאנען צו פאראייניגען זיך אליין — אהן יעדע פארמיטלונג — און צו זעהען, אז יעדער כלל זאל זארגען פאר דעם יחיד און דער יחיד פאר דעם גאנצען כלל, — וואלטען זיי נישט געדארפט אזוי פיעל צאהלען פרעמדע בעלי-טובות און וואלטען פיעל מעהר געוואונען פאר זיך אליין.

ווארום נישט נאר דעם קנס אליין צאהלען זיי פאר זייער נישט איינזיכערקייט, נאר זיי פארליערען אמאל אויך דאס, וואס זיי ווילען האבען, דורך די געזעלשאפט, די ביסעלע רוהיגקייט און זיכערקייט. מען דארף נישט פארגעסען, אז די געוועהנליכע „אסעקוראנץ-געזעלשאפטען קענען נישט פארזארגען דווקא די קלאסען פון מענשען, וואס זייער לעבען איז זעהר אונזיכער, דאס הייסט, אט דווקא די קלאסען פון מענשען, וואס ברויכען די הילף פון דער געזעלשאפט.

און דארינען איז נישט שולדיג די אסעקוראנץ-געזעלשאפט; ווארום זי — אלס געשעפט, קאן אנדערש נישט טהון; דארינען זענען שולדיג נאר מיר אליין.

פאר וואס דאס איז אזוי. וויל איך באלד ערקלערען

(פארטזעצונג קומט).

ד״ר ח. ד. הורוויץ.

## די יודישע חברות און פארטייען אין עסטרייך.

ג.

איידער מיר געהן ווייטער, וויל איך דא זאגען עטליכע ווערטער מכח די באראן הירש שולען אין גאליציע. נאך ביי זיין לעבען האט דער באראן צעטיילט גרויסע סומען געלד אויף פערשידענע לענדער, ווי עס וואהנען גרויסע מאסען פון ארעמע אונגעבילדעטע יודען, כדי דארט צו גרינדען פאלקס- און האנדווערקער שולען. אין גאליציע האט מען פון דעם געלד, וואס דער באראן האט מנדב געווען, אין פיעל שטעדט געגרינדעט פאלקס- און האנדווערקער שולען פאר יודישע קינדער. טויזענדער יודישע קינדער, וואס אזוי וואלטען זיי אויסגעוואקסען ווילד, און צו גאר ניט געטויגט, — ווערען ערצויגען און אויסגעבילדעט; נישט נאר די קינדער נאר אפילו די עלטערן פון

## פעליעטאן.

### צעזייעט און צעשפרייט.

בילדער פונ'ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

שלום-עליכם.

### די פארשוינען:

מאיר שאלאנט — איין אויפגעקומענער עושר פון א יאהר 50. פראסט אנגעטהון. ריצט שען, גביריש.

מלכה — זיין ווייב. א פראסטע יודינע, איין עהרליכע.

מאטוויי — זייער עלטערער זוהן, א שאלטיק.

חיים — זייער מיטעלסטער זוהן, א ציוניסט.

פלארא — זייער עלטערע טאכטער, א גרושה.

חנה — זייער יונגערע טאכטער, געענדיגט גימנאזיע, חלש'ט פאהרען אויף די קורסען.

סאשא — זייער מיזיניקעל.

רב-משה'לי ווידענשטאמער — זייער מחותן, א יוד א מיוחס.

איטעלי ווידענשטאמער — זיין ווייב. א יודענע א מיוחסת.

ערשטער ציוניסט } — חיימ'ס חברים.
צווייטער ציוניסט }

דוד'ל קאטשער — פון מאטוויי'ס גוטע ברידער.

פעסיל — מלכה'ס איין ארעמע קרובה.

בעני קרויט — א האלבער מעקלער. א האלבער שרכן.

מאשא — א שטובמיידל ביי די שאלאנטען.

די געשיכטע קומט פאר אין א גרויסער שטאדט * * *

### ערשטער אקט.

(ביי א גרויסען קיילעכיגען טיש זיצט דאס גאנצע געזינדל שאלאנט און מע טרינקט טהיי. — דער בעל-הבית אליין איז פערנומען מיט חשבונות. — מלכה פארעט זיך ביים סאמאוואר. — פלארע איין אנגעפוהרטע מיט ברייטע צעלאזטע ארבעל ציהט זיך און גענעצט. — חנה זיצט איבער א ביכל ארייגעשטעקט די נאז און לייענט. — מאטוויי, א צעקאשעכועטער, זיצט צעלייגט אויף א בענקל, ווארפט מיט אונען אויפ'ן שטובמיידל, דאס שטובמיידל שמייכעלט).

### I-טע סצענע

(מאיר, מלכה, מאטוויי, פלארא, חנה סאשא.)

מלכה. (הויך) שאשא! שאשא?

סאשא. (פונ'ם אנדערען חדר) טשטא, מאמאשא?

מלכה. נעה טרינקען טיי;

די קינדער, וואס לערנען אין די באראן הירש שולען, ווערען אויך אויסגעפיינערט; דאס גאנצע שטעדטל, ווי עס געפינט זיך אזא שולע, בעקוממט עפיס א אנדער אויסזעהען. בשעת די קינדער זענען אין דער שולע, איז זיי א ודאי גוט, אבער וואס זאלען זיי טהון אז זיי ענדיגען די שולע? זיי האבען זיך דארט אויסגעלערנט א מלאכה, און ווייסען ניט, וואס מיט איהר צו טהון. זיי ווילען ארבייטען און פערדינען און האבען ניט וואו און ביי וואס. די שולען קענען פאר זיי אזוי ווייט ניט זארגען, מוז עמיצער אנדערש טראכטען די אויסגעלערנטע יודישע קינדער צו פערזארגען מיט ארבייט.

דאס האבען אויף זיך די לעצטע 3 יאהר גענומען די "בני-ברית".

די "בני ברית" זענען דאס מייסט אפילו רייכע יודען, וועלכע עס געהט ניט אן דאס יודישע פאלק, א טייל פון זיי האבען זיך אבגעזאגט פון דער יודישער אמונה, זענען נאר פרייטוירער —; נאר פונדעסטוועגען זיצט אין זיי דאך דאס פינטעלע יוד, וואס לאזט זיי ניט רוהען און צוקוקען קאלט-בלוטיג די צרות פון זייערע ארעמע ברידער. די חברות פון די בני-ברית זענען צעשפרייט איבער גאנץ עסטרייך און אין אנדערע לענדער זענען זיי אויך דא, אפילו אין אמעריקא האבען זיי זייערע לאזשעס אדער חברות. אין עסטרייך האבען זיי אין יעדער גרויסער שטאדט, וואו עס עקסיסטירט זייער א פעראיין, א קאמיטעט וואס זוכט ארבייט פאר יודישע בעלי-מלאכות, לעהרער א. ד. ג.

ווייטער האבען די "בני ברית" פאר א יאהרען געגרינדעט א נייעם פעראיין מיט דעם נאמען "הילפס-פעראיין פאר די גאליצישע יודען". שוין פון דעם נאמען אליין פערשטעהט מען דעם צוועק פון דעם נייעם פעראיין. צוליעב דעם ווילען די "בני-ברית" גרינדען אין גאליציע פאבריקען, זאוואדען, ווי מען זאל בעשעפטיגען נאר יודישע ארביי-טער. אויך האבען זיי געפינען. אז עס איז פאראן א סך אבטיילונגען פון הויזארבייטען, וואס קענען אין גאליציע זעהר לייכט אויסגעפיהרט ווערען און בעשעפטיגען פיעל יודען, וואס לעבען איצט פון דער לופט, אפילו פיעל יודישע פרויען, מיידלעך און קינדער.

"עס פערשטעהט זיך, אז די "בני ברית" וועלען זיך ניט קענען בעגנינגען דערמיט אליין, וואס זיי וועלען געבען ארבייט די גאליצישע יודען; זיי וועלען נאך מוזען אויסזוכען ערגיץ א מארק וואו די ארבייט אויסצובריינגען. אז זיי סטארען זיך, למשל, צו גרינדען נאך האנד-ווערקער שולען, צי אזוי אוועקגעבען יודישע קינדער צו בעלי-מלאכות; וועלען זיי געווים מוזען טראכטען צו געפינען ארבייט פאר די אויס-געלערנטע בעלי-מלאכות; אויב ניט — האט ווידער זייער גאנצע ארבייט קיין ווערטה ניט.

אין דעם פראגראם פונ'ם "גאליצישען הילפס-פעראיין" איז דא איין פונקט, וואס ציעלט נאך ווייטער. לויט דעם פונקט האט דער פעראיין בדעה צו מאכען אקערבוי-ארטעלען פאר די גאליצישע יודען. איך וועל נאך דא דערמאנען, אז אויך די רומענישע עמיגראנטען ווערען ווי ווייט מעגליך פון די "בני ברית" אונטערשטיצט, בעזונדערס דורך די אנווייזונגען און רעקאמענדאציעס צו די אמעריקאנישע חברות פון די "בני ברית". דער חסרון איז נאר, וואס "בני ברית" זענען פארט נאר צדקה-חברות, געגרינדעט פון רייכע יודען, אבער ניט קיין זעלבסט-שטענדיגע פאלקס-ארגאניזאציעס, געגרינדעט פונ'ם פאלק אליין, מען קאן זיך דערפאר אויף זיי ניט פערלאזען. היינט זענען זיי גוט, ווייל גוטע מענשען זענען די פיהרער פון זיי; מארגען וועלען אויפשטעהן שלעכטע גבאים — וועט די גאנצע זאך ניט מעהר טויגען און קיינער קאן דא קיין דעה ניט זאגען: זיי זענען די בעלי-בתים, זיי טהוען וואס זיי ווילען. און עס איז גאר קיין האפנונג נישט דא, אז עס זאל

סאשא. אי, סעטשאס! (אלע לאכען, חוץ חנה'ן).

מלכה. שאשא? וואס טהוסט דו דארטען?

סאשא. אי, אסטאוו! איך וואש די קאץ. (אלע לאכען חוץ חנה'ן).

חנה. (צו דער מוטער) אנדערש קאנסט דו מאקי מיט איהם ניט רעדען, נאר אויף רוסיש?...

מלכה. ווי אזוי דען זאל איך רעדען, אז איהר רעדט אלע אזוי? איך וואלט אודאי בעסער' געוואלט רעדען אויף יודיש. אויף מאמע-לשון. נאר וואס זאל איך טהון, אז איהר אלע, און אפילו אט דער אלטער נאר (זי בעווייזט אויפ'ן מאן) האט זיך אנגערעדט, מע זאל ארויס-טרייבען אונזער לשון; און ווער שמועסט פון זינט מיר זענען אריבער געפאהרען אין דער דאזיגער פערשאלטענער שטאדט... אפשר נישט אזוי, מאיר?

מאיר. וואס ניט אזוי?—אז דו ביסט א בהמה? (אלע לאכען, אחוץ חנה'ן).

מלכה. (צום מאן) לאך, לאך!... דאס עפעלי פאלט נישט ווייט פונ'ם ביימעלע... ווי דער טאטע אזוי די קינדער...

מאיר. שוין? האסט שוין אנגעהויבען מיט דיין מוסר? מיט דיין טייטש חומש און מיט'ן פעטשענע-וואַרענע (צאינה וראינה)? (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען.) וואו איז חיים? פאר וואס זעהט מען ניט חיימ'ן?

מלכה. חיימ'ל שלאפט נאך.

מאיר. אזוי שפעט?

פלארא. מיר דאכט אז ער איז געקוממען אהיים שוין מיט'ן טאגליך?

מאיר. וואס איז די מעשה?

חנה. (נישט צו נעמען די אויגען פונ'ם בוך) ס'איז ביי זיי געווען נעכטען אגרויסע זאסעדאניע.

מאיר. ביי וועמען "ביי זיי"?

מלכה. ביי די פעצעליסטען...

מאיר. וואסערע שפעציליסטען? (אלע לאכען).

פלארא. ביי די "ציוניסטען" מיינט די מאמע.

מאיר. ווידער ציוניסטען? עס ווערד איהם גאר ניט נמאס?

פלארא. שפיעלסט זיך מיט חיימ'ן?

מאטוויי. ער ראטעוועט דאס יודישע פאלק! שפיעלט זיך אין ציוניזם...

חנה. (נישט צו-גענומען די אויגען פונ'ם בוך) נאך בעסער ווי שפיעלען גאנצע נעכט אין קארטען...

פלארא. (שטילערהייד צו מאטווייען) דאס מיינט מען דיך, מאטוויי.

מאטוויי. לאנגע האר, זאגט מען, קורצער שכל; ביי איהר איז קורצע האר און קורצער שכל.

חנה. (נישט צוגענומען די אויגען פונ'ם בוך) אי פלאטשינ, אי אהן טעם...

אמאל אריבערגעהן צו דעם פאלק אין די הענד, ווייל נאר מיט גרויסע רעקאמאנדאציעס קאן מען אנקומען פאר א חבר ביי די בני ברית און מען מוז באלד איינצאהלען 10 גולדען.

אונז בלייבט נאך איבער צו האפען, אז די „בני ברית" וועלען זיך אליין אומקעהרען צום פאלק פון וועלכען זיי שטאמען, און וועלען אליין איבערגעבען זייערע חברות אין די הענד פון דעם יודישען פאלק . . .

וויען. יעקב שאר.

---

# פאליטישע ענינים.

(די לאגע אין מאראקא. ענגלאנד'ס, שפאניע'ס און פראנקרייך'ס אינטערעסען אין מאראקא. קאסטראס ממשלה אין ווענעצועלא.

די אייראפעאישע רעגירונגען האבען אויף א וויילע פערגעסען זייערע עסקים אין ווענעצועלא, מאקעדאניע און אנדערע ערטער און בעשעפטיגען זיך נאר מיט די מאראקאנישע פראגע, דער עיקר אינטערעסירען זיך דערמיט: ענגלאנד, פראנקרייך און שפאניע.

מאראקא איז א מדינה אין צפון אפריקא, זי גרענעצט זיך מיט גיבראלטאר, וואס געהערט צו ענגלאנד, מיט אלזשיר וואס געהערט צו פראנקרייך און מיט שפאניע. פון צפון זייט האט מאראקא דעם מיטעללענדישען ים און אין מערב דעם אנטלאנטישען אקעאן. אין מאראקא צעהלט זיך ˙ מיליאנען איינוואהנער, מעהר ווי א העלפט זענען מאחמאדאנער, די איבריגע פון פערשיעדענע אומות, ווי שפאניער, פארטוגעזען, פראנצויזען און יודען. אויך זענען דארט דא א גרויסע צאהל נעגער, וועלכע האבען אבער א גאנץ קליינעם בעטרעף אין לאנד, ווייל זיי זענען כמעט אלע שקלאפען. מאראקא איז רייך אין פערשיעדענע תבואות און בהמות. פראנקרייך בעציהט פון מאראקא ציגענלעדער, וואקס און סמאלע און שטעהט דעריבער תמיד מיט מאראקא אין געשעפטס-פערבינדונג. ביז דעם 18-טען יאהר-הונדערט איז מאראקא געווען א זעלבסשטענדיגע מלוכה און דער סולטאן איהרער האט איבער איהר געהערשט. נאר אין יאהר ˙ 8ה בשעת זידי מאהאמעד איז געווארען סולטאן, איז געווארען אין לאנד גרויסע מרידות און דענסטמאל האט זיך שפאניע אריינגעמישט אין די אינערליכע אינטערעסען פון לאנד און אין יאהר ˙ 6·1 האט שפאניע מיט מאראקא אין טעטואן געשלאסען א שלום, לויט וועלכען מאראקא האט געמוזט צאהלען אן שפאניע 20 מיליאן פיאסטער. דער נייער סולטאן מולייי האסאן איז מיט שפאניע געוועזען זעהר ניט פריינדליך, דערפאר אבער האט ער מיט די אנדערע אייראפעאישע מלוכות זעהר פריינדליך געלעבט, דאס פאלק איז אבער דערמיט זעהר אונצופריעדען געווען, אין יאהר 1894 איז סולטאן מולייי האסאן פלוצלינג געשטארבען און דער 16-יעהריגער אבדול עזיז איז געווארען סולטאן פון מאראקא. דער נייער סולטאן איז אויך זעהר גוט מיט די אייראפעאישע מלוכות. דער עיקר מיט ענגלאנד און האט אויך אנגעהויבען איינפיהרען אייראפעאישע מנהגים אין לאנד. דערמיט זענען אבער שטארק אונצופריעדען א גרויסער טהייל פון פאלק און עס האט זיך געבילדעט א פארטיי, וואס האט מורד געווען אן סולטאן און ווילען איין אנדערען ארויפזעצען אויף דעם כסא המלוכה. דער אנפיהרער פון די מורדים איז בו-האמארא. ער זאגט אפילו, אז ער וויל נישט די מלוכה פאר זיך, נאר פאר מולייי-מאחאמעד, דעם היינטיגען סולטאנס א ברודער. דער אנפיהרער פון די מורדים האט בעלאגערט די שטאדט פעץ מיט א חיל פון 15.000 מאן און מען רעכענט, אז דער סולטאן וועט מיזען אנטלויפען קיין ראבאט, ער

---

מלכה. שאשא! שאשא?

סאשא. אי, איך געה, איך געה! (עס קומט אריין סאשא מיט צוויי קעצלעך אין די הענד, באזעצט זיך טרינקען טיי און קלויבט זיך מכבד זיין די קעץ מיט מילך.)

## II-טע סצענע

(די זעלבע און סאשא.)

פלארא. אהא! ער איז שוין ווידער דא מיט די קעץ!

מאטוויי. סאשא מיט דער „משפחה"!...

סאשא. קוקט בעסער אויף זיך!... ווייסט דו, פלארא, ווער עס האט דיר געלאזט גריסען? דער אפגעבארעטער פראוויזאר... און דיר, מאטוויי, האט געלאזט גריסען ווייסט דו ווער?...

מאטוויי. אט וועל איך דיר לאזען גריסען, וועסט דו ראכט מיר פארגעסען דיינע קעץ...

מלכה. שא לאז זיין שטיל, איך בעט אייך! (וויל צו נעמען ביי סאשען די קעץ, לאזט ער ניט) שאשעניו! וואס דארפסט דו זיך האלטען מיט אזא מאוס'קייט? ווארף זיי ארויס...

סאשא. (שטיל) אי, אסטאוו! וואס מאכען זיי דיר קאלי? (הויך אויף א קול) פאר וואס קויפט מען מיר ניט קיין וועלאסיפעד? וויפיעל מאל מע האט מיר צוגעזאגט אז מע קויפט מיר א וועלאסיפעד!

מאיר. (רייסט זיך אפ פון די פאפירען) הא! וואס איז? וואס זאגט ער?

מלכה. שאשענקע זאגט, אז דו האסט איהם צוגעזאגט קויפען א לעסיפעד...

מאיר. א לעסיפעד? אויף וואס דארף ער דאס א לעסיפעד? וואס פאר לעסיפעדען גאר?... (אלע לאכען, חוץ חנה'ן).

סאשא. (לאכט מיט אלעמען) וואס הייסט אויף וואס? אויף צו פאהרען!

מאיר. אויף צו פאהרען? איך אין דיינע יאהרען האב שוין עפים אין זינען געהאט... דו וואלסט בעסער עפים טהון, עפים לערנען, ניט ארומפאהרען אויף לעסיפעדען און שפיעלען זיך מיט אזא פאסקודסטווע! (—ווארפט אראפ די קעץ פונ'ם טיש, סאשא הויבט זיי אויף) ארומ־פאהרען גאר?... וואו זענען דיינע לעהרערס?

סאשא. מיינע לעהרערס? איינעם א לעהרער! אי דאס איז ער אוועק אהיים...

מאיר. וואס הייסט איינעם א לעהרער? און וואו איז דער יודישער מלמד? דער רבי?

סאשא. וואסער מלמד? וואסער רבי? האט זיך דערמאנט! שוין לאנג דורכגעטריבען?...

מאיר. (ערשטוינט) הא? דורכגעטריבען? וואס הייסט דורכגע־טריבען? ווער האט איהם דורכגעטריבען?...

מאטוויי. אידאי דארפסט דו זיך אפעסען דאס הארץ פון יעדער נארישקייט!... מע האט איהם ארויס־געטריבען און איין עק!

וועט בעטען דעם קאבילישען שבט זימור און נאך אנדערע, זיי זאלען איהם העלפען.

די ערשטע צייט האבען זיך די אייראפעאישע מלוכות געהאלטען פון דערווייטענס און האבען זיך נישט אריינגעמישט, נאר אז שפאניע האט געשיקט איהר שיף »Infant Izabel« קיין מאראקא און דער שפאנישער פעלדמארשאל טשאציל איז געקומען קיין קאדיך, וואו ער גרייט זיך צו מיט א גרויס חיל צו געהן קיין מאראקא, האבען ענגלאנד און פראנקרייך זיך אויך אנגעהויבען אריינצומישען, זיי האבען געהייסען שפאניע זי זאל צוריקנעהמען איהר קריגס שיף, וואס זי האט געשיקט אין מאראקא און זיי האבען זייער פלאטע צוגעגרייט צו געהן קיין מאראקא.

ענגלאנד האט אין מאראקא גרויסע און וויכטיגע אינטערעסען, דער עיקר וויל זי, אז מאראקא זאל איהר אבגעבען דעם אינזעל פערעחיל, וואס גרענעצט זיך מיט גיבראלטאר, דער אינזעל אליין איז אפילו נישט זעהר וויכטיג, דען עס וואקסט אויף איהם כמעט קיין שום תבואות און גיט ניט ארויס קיין שום פראדוקטען, וויכטיג איז ער נאר דערמיט, וואס פון דארטען וועט ענגלאנד קענען שטענדיג בעשיצען גיבראלטאר און קיין אנדער מלוכה וועט איהר נישט קענען בעאונרוהיגען. דער אינזעל געהער אייגענטליך צו שפאניע לויט דעם שלום, וואס איז געשלאסען געווארען אין יאהר 1860 אין טעטואן; נאר מאראקא האט עס צוגענומען צו זיך אין יאהר 18 5 בשעת די שפאנישע רעגירונג האט דארטען געוואלט אויפבויען א לייכט-טהורם (מאיאק) און האט איהם בעזעצט מיט איהר חיל. דער מאראקאנישער קריגס-מיניסטער על מענעבחי האט פארגעלעגט דעם יונגען סולטאן אבדול אזיז, מען זאל דעם ארימען אינזעל אוועקשענקען די ענגלישע רעגירונג פאר די פריינדשאפט וואס ענגלאנד האט בעוויזען צו מאראקא, דער מיניסטער דעם אייסערען אבער סי מאהאמעד טארעס האט געזאגט, אז מאראקא טאר נישט געבען קיין שום מלוכה אפילו א שפאן ערד, אז ניט וועלען די קריסטען אין גאנצען ווערען די בעלי-הבתים איבער מאראקא און פון דעסטמאל אן זענען זיך ביידע מאראקאנישע מיניסטארען געווארען דם שונאים. ענגלאנד אבער האט זיך נאך נישט אבגעזאגט אין גאנצען פון פערעחיל, זי האט געבעטען דעם סולטאן, ער זאל איהר ערלויבען פון דעם דאזיגען אינזעל נעמען שטיינער, וואס זי ברויך צו איהרע נייע האפענס, וואס זי וויל צובויען אין גיבראלטאר, דער סולטאן האט איהר ערלויבט. דערווייל ברענגט זי דארטען איהרע סאלדאטען מיט פולווער און דינאמיט צו שפאלטען דערמיט די שטיינער, צוריק וועט זי אבער שוין נישט וועלען ארויסנעהמען איהרע סאלדאטען, דאס איז ענגלאנד נישט געוואהנט. דאס גאנצע שטיינער נעהמען איז נאר איין אנשטעל, ענגלאנד קאן בעקומען שטיינער צו איהרע האפענס פון נעהנטערע ערטער, וואו עס וואלט איהר אויסגעמאכט א סך ביליגער, נאר זי וויל האבען א דריסת הרגל אין דעם אינזעל פערעחיל.

פראנקרייך האט אויך אינטערעסען אין מאראקא, וואו עס וואהנען א סך פראנצויזען, זי שטעהט מיט איהר אין האנדעלס-פערבינדונג און אלזשיר, וואס געהער צו פראנקרייך, גרענעצט זיך מיט מאראקא און דעריבער האט זי בעפוילען דעם קאפיטאן פוטיע, וועלכער איז געווען אין ראשפאר אויף אורלויב, ער זאל באלד צוריקקומען אויף זיין פאסטען און איז מיט דריי שיפען און א גרויס חיל קיין טולאן גערייזט, פון וואנען ער איז גרייט צו מארשירען נאך דעם מאראקאנישען גרענעץ.

פון ווענעציעלא מעלדען די לעצטע ידיעות, אז קאסטרא וועט

---

מאיר. אהן מיר ? . . . ווער האט איהם געקאנט ארויס טרייבען אהן מיר ?

פלארא. איך פארשטעה נישט, פאפאשא, אויף וואס דארפסט דו איהם, אז סאשא, אדער ווי די מאמאשא רופט איהם „שאשא“, וויל סאי וסאי נישט לערנען א ווארט יודיש ? . . .

מאיר. (אין כעס) הא ? ער וויל ניט לערנען קיין יודיש ? וואס הייסט ער וויל ניט ?

מאטווייי. האסט געוואלט ער זאל וועלען ? און איך האב אסך געוואלט ? צי דו האסט אמאל אסך געוואלט לערנען יודיש ? . . .

מאיר. (מיט די הענט אן הארצען) איך פרעג, ווער האט דאס געהאט א העזה ארויסטרייבען דעם לעהרער אהן מיר ? . . . איך בין דאכט זיך דא בעל-הבית, צי ניין ? . . . איך בין דאכט זיך א טאטע, צי ניין ? (ווארפט די קעק פונ'ם טיש ; סאשא וויל זיי אייפהויבען ; דער פאטער טרייבט איהם דורך.) געה דיר מיט דער פאסקודסטווע צו אלדע שווארצע יאהר ; (סאשא מיט די קעק געהט אוועק ; מלכה נאך איהם.)

### III-טע סצענע

(די זעלבע אהן מלכה'ן און אהן סאשען.)

פלארא. (צו דער שוועסטער) אננא ! ווי געפעלט דיר ?

חנה. (נישט צו-גענומען די אויגען פונ'ם בוך) עס הויבט מיר ניט אן צו געפעלען . . .

מאטווייי. וואס הויבט דיר ניט אן צו געפעלען ?

חנה. (נישט צוגענומען די אויגען פונ'ם בוך) איהר אלע געפעלט מיר ניט . . .

פלארא. (צום ברודער) וואס זאגסט דו אויף אונזער קורסיסטקע ?

מאטווייי. (ציהט אויס אלאנגען פייף) פי—יו—יט ! . . .

מאיר. (אויפ'ן זוהן, בייז) וואס איז דאס פאר א תנועה'לע ? . . . פייפען נאר ? . . שענע פאסטעמקעלעך ! . . .

מאטווייי. איטליכער מענש האט זיך זיינע פאסטעמקעס.

מאיר. וואו ביזט דו ? צווישען מענשען ? צי אין א שטאל ? . . .

מאטווייי. (אייפגעטראגען) איך פארשטעה ניט, וואס פאר א מין טאן ! . . . דו רעדסט מיט מיר ווי מיט סאשען . . . וואס בין איך איונגעל ? . . .

מאיר. דאנקען גאט וואס ניט קיין יונגעלע . . . נאר איך בין דאך עפיס א טאטע, צי ניין ?

מאטווייי. דו ביסט א טאטע. איך בין אבער נישט קיין יונגעלע ; און בין גאר קיין בעלן ניט אויסהערען אזעלכע ווערטער . . .

מאיר. אז דו ביזט קיין בעלן ניט צו הערען, טא געה דיר גע-זונדערהייד ! . וועמען ס'איז ענג, דער טריט אפ . . .

מאטווייי. (א שפרונג פונ'ם ארט מיט צארן) טפו זאל דאס ווערען ! . . . (געהט אוועק, עס קומט אריין מלכה).

(פארטזעצונג קומט).

---

זיך מיזען אָבזאָגען פון דער מלוכה, ער קאָן לענגער די מלוכה נישט פיהרען, ווייל איהם פעהלט געלד, די סאָלדאַטען האָט ער אויפגעהערט צו צאָהלען לאהן און דאָס גאַנצע פאָלק איז מיט איהם שטאַרק אונצופריעדען, נאָר ער האָפט נאָך, אַז די אַמעריקאַנישע רעפובליק וועט איהם נישט לאָזען פאַלען, אַמעריקא איז זעהר אויפגעבראַכט אויף דייטשלאַנד פאַר איהרע לעצטע בעהאַנדלונג אין ווענעצועלאַ; לויט קאַסטראָס רייד, בעטרעפען די שיפען, וואָס דייטשלאַנד האָט צוגענומען פון ווענעצועלאַ מעהר פאַר דעם געלד, וואָס דייטשלאַנד פאָדערט פון איהר.

---

# נייעס פון דער וואָך.

## I. וועלט נייעס.

— די וואַרשאווער שטאָדט-פערוואַלטונג האָט געשיקט אַ בקשה צום פינאַנץ-מיניסטער, ער זאָל ערלויבען צו גרינדען אין וואַרשא אַ חברה אויף צו בויען ביליגע דירות פאַר אָרעמע לייט.

— די חברה דאָקטוירים אין מאָסקווא האָבען בעשלאָסען צו בילדען אַ פעראיין, וואָס זאָל זאָרגען פאַר קינדערס געזונדהייט.

— אין פעטערסבורג האָט זיך געבילדעט אַ חברה צו פערברענען מתים. די חברה האָט אויך אָבטהיילונגען אין אַנדערע שטעדט.

— אין ניו-יאָרק האָט מען נישט לאַנג אויפגעבויט אַ שפיטאַל פאַר קראַנקע פיש. יעדען טאָג קומען 2 דאָקטוירים אין אַקוואַריום (איין אָרט, וואו מען האַלט פיש) און בעטראַכטען די פיש. וואָס זענען דאָרט און אַז זיי בעמערקען אַז אַ פיש איז נישט געזונד, טראָגט מען איהם באַלד אַוועק אין שפיטאַל.

— דאָס מיניסטעריום פאַר פאָלקס-בילדונג אין רוסלאַנד האָט בעשטעטיגט, אַז די, וואָס האָבען געענדיגט דעם קורס פון אַ האַנדעלס-שולע און ווילען אַנקומען אין איין אַפטייק אַלס לעהרלינגע, ברויכען נאָר האַלטען עקזאַמען אויף לאַטיינישע שפראַך.

— אויף דעם פערזישען שאַך האָט איינער געשאָסען מיט אַ רעוואָלווער. צום גליק אָבער האָט ער נישט געטראָפען.

— אין מאַדריד, די הויפּטשטאָדט פון שפּאַניע, איז געשטאָרבען דער מיניסטער-פּרעזידענט סאַגאַסטאַ.

— די בלעטער לייקענען אָב דעם קלאַנג וואָס עס איז אַרויס, אַז מען האָט ביי דעם רוסישען מיניסטער דעם אייסערען גראַף לאַמזדאָרף בעגנב'ט פּאָליטישע דאָקומענטען.

— וואַלדעק רוסאָ, דער געוועזענער פראַנצויזישער מיניסטער-פּרעזידענט, לייקענט אָב דעם קלאַנג, וואָס עס איז אַרויס, אַז ער האָט בדעה ווידער צו ווערען מיניסטער-פּרעזידענט.

— נישט לאַנג איז אין ריגא (רוסלאַנד) געוועזען אַ שרעקליכער שטורם-ווינד, עס זענען אומגעקומען 100 מענשען דאָס רוב פישערס, וועלכע זענען גראַד בשעת דעם שטורם געוועזען מיט זייערע שיפלעך אויף דעם ים.

— אין פּאַריז האָט זיך שוין אָנגעהויבען דער משפּט פון דער שווינדלער-פאַמיליע עמבער. צוערשט האָט מען פאַרגענומען דעם פערברעכער ראָמאַן ד'אָרניאַק; ער וויל דערווייזען, אַז די פאַמיליע קראָפּאָרד מיט דעם פערמעגען פון 100 מיליאָנען זענען נישט קיין אויסגעטראַכטע זאַך.

— דעם 11 יאַנואַר, בשעת דער שפּאַנישער קעניג אַלפאָנס און די קעניגין מוטער זענען צוריקגעפאָהרען פון קלויסטער, האָט איינער אויסגעשאָסען אויף די צווייטע קאַרעטע, אין וועלכע עס איז געזעסען דער הערצאָג פון סאָטאָמאַיאָר. די קויל האָט קיינעם נישט געטראָפען, דעם רוצח האָט מען געחאַפּט, ער הייסט פּאַטאַ פּאַזאַדאָס, ער האָט געזאָגט, אַז דער הערצאָג האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען אַ שטעלע און האָט נישט געהאַלטען קיין וואָרט און דעריבער האָט ער אויף איהם געשאָסען.

### געהרג'עט אַ מאָסקאָווער מיליאָנער.

נישט לאַנג האָט מען אין מיטען העלען טאָג געפונען אין מאָסקווא דעם מיליאָנער, באַנקיער א. א. דזשאַמגאַראָוו טויט.

די סבּה, פאַר וואָס מען האָט דעם מיליאָנער געהרג'עט, איז ווייל ער האָט נישט בעצאָהלט דאָס געלד, וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו געבען בשעת מען האָט איהם גענומען געפאַנגען.

דער מאָסקאָווער באַנקיער דזשאַמגאַראָוו איז דעם 5טען סעפּטעמבער פאַריגעס יאָהר 10 דעם זייגער ביינאַכט געגאַנגען פון קלוב צוריק אַ היים, אויפ'ן וועג זענען איהם בעפאַלען 8 מענשען, האָבען איהם איינגעוויקעלט אין אַ זאַק און די אויגען אַרומגעבונדען מיט אַ טוך און האָבען איהם אַריינגעפיהרט אין אַ הויז. דאָרט האָט מען איהם געסטראַשעט, אַז זיי וועלען איהם הרג'ענען. דער מיליאָנער האָט זיי אָנגעבאָטען 125 רובל מיט דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, דערויף האָט ער בעקומען איין ענטפער:

מיר זענען נישט קיין גזלנים, מיר זענען די פערטרעטער פון איין אויסלענדישען רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט און מיר פערלאַנגען פון דיר, דו זאָלסט אונז געבען אַ בריעף צו דיין פרוי, זי זאָל אונז געבען 100,000 רובל, און אַז מיר וועלען בעקומען דאָס געלד וועלען מיר דיך בעפרייען. דער באַנקיער האָט זיי ערקלערט, אַז דאָס איז אונמעגליך און האָט זיי פאַרגעלייגט, זיי זאָלען איהם בעשטימען איין אָרט, וואו ער וועט זיי ברענגען נאָר 30,000 רובל. זיי האָבען דערצו מסכּים געווען און דער באַנקיער האָט דערויף זיי געגעבען אַ צעטעל. אַנשטאָט צו ברענגען דאָס געלד האָט ער געבראַכט פערקליידעטע פּאָליציי און מען האָט די באַנדיטען געהאַפּט. דערפאַר האָט מען זיך אָן דעם מיליאָנער נוקם געוועזען.

---

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאַנד.** ה' יצחק גאָלדבערג אין לאָדז, וועלכער האַלט אַ פּריוואַט-שולע האָט בעקומען איין ערלויבניש אָבענד צייט צו לערנען העברעאיש מיט די יודישע שילער, וואָס לערנען זיך אין די אַלגעמיינע שולען.

— דאָס פינאַנץ-מיניסטעריום אין רוסלאַנד האָט ערלויבט צו צונעמען אין דער לאָדזער האַנדעל-שולע 5 יודישע שילער מעהר ווי די בעשטימטע צאָהל.

— 12 יודישע לעהרער אין פערשיעדענע שטעדט אין רוסלאַנד האָבען בעקומען זילבערנע אָרדען פאַר די נוצען וואָס זיי האָבען מיט זייער בילדונג געבראַכט.

— דער יודישער קרייז-דאָקטאָר אין קישענעוו ה' מיטשניק האָט בעקומען דעם טיטול קאָלעגיען-ראַטה און דער יודישער דאָקטאָר אין דער ווינדאַווער שטעדטישע שולע ד"ר פּייטעלבערג האָט בעקומען דעם טיטול האָף-ראַטה.

— ה' הענך עלחנעס אויס ניקאָלאַיעוו האָט בעקומען אַ גאָלדענעם מעדאַיל פון דער רוסישער רעגירונג, פאַר די נוצען וואָס ער האָט געבראַכט דער חברה צו שיצען אָרעמע לייט.

— דער מיניסטער דעס אינערן האָט ערלויבט צו עפענען אין קיעוו איין אָבטהיילונג פון דער חברה „מרבי השכלה".

— די אַדמיניסטראַציאָן-פערוואַלטונג אין רוסלאַנד האָט אַרויס געגעבען אַ בעפעהל, מען זאָל, לעת עתה, אויפהערען צו טרייבען די יודען,

וואס וואהנען אין סיביר. ביז דער סענאט וועט געבען א בעזונדערען בעפעהל.

— דער קאמיטעט פון דער פעטערסבורגער חברה „מרבי השכלה“ האט צוזאמענגערופען אין דער רוסישער רעזידענץ פערשידענע ספע־ציאליסטען, די חברים אויף דער פראווינץ, זיך צו האלטען אין עצה מיט זיי וועגען פערשידענע פראגען, וואס געהערען זיך אן מיט די בילדונגס־פראגראמע פון דער חברה.

— ענדע פאריגען חודש איז אין אדעסא געשטארבען דער יודישער שרייבער ר' משה באזילעווסקי. דער פערשטארבענער האט גע־שריבען פיעל לעבענס־בעשרייבונגען פון יודישע גדולים אין די רוסי־שער שפראך און דער עיקר האט ער זיך בעוואוסט געמאכט מיט זיינע איינענע איבערזעצונגען פון תלמוד.

— די פירמא ראטהשילד אויס פאריז האט בעקומען די ערלויבניש צו גרינדען אין רוסלאנד צוויי באנקהייזער אין פעטערס־בורג און אין מאסקווא.

— צווישען די סוחרים איז ארויס א קלאנג, אז ווען דייטשלאנד מיט רוסלאנד וועלען שליסען א האנדעלס־בונד, וועט די דייטשע רעגירונג זיך סטארען, אז איהרע יודישע סוחרים זאלען האבען דאס רעכט צו זיין געשעפטסהאלבער אין גאנץ רוסלאנד.

**עסטרייך-אונגארן.** דורך וויען הערען נישט אויף דורכצופאהרען רומענישע יודישע עמיגראנטען נישט קוקענדיג אויף די גרויסע קעלטען וואס הערשט אצינד.

**דייטשלאנד.** דעם שופט ד"ר מאהר אין דארמשטאדט (העסען) האט מען צונג'פסק'ט צו צאהלען 800 מארק, ווייל ער האט אויף דער רייזע בעליידיגט א יוד, א חוץ דעם האט איהם דאס העכערע געריכט שטרענג אויסגע'מוסר'ט דערפאר.

**ענגלאנד.** דער קאמיטעט פון דער חברה „אגודת אחים“ אין לאנדאן האט זיך געווענדעט צו דער ענגלישער רעגירונג מיט א בקשה זי זאל זיך אננעמען פאר די יודען אין מאראקא, וועלכע זענען איצט אין גרויס געפאהר מחמת די אונרוהען וואס זענען דארט.

**פראנקרייך.** די שווינדלער־פאמיליע עמבער האט אויסגעשווינ־דעלט געלד אויך ביי אסך יודישע באנקיערען ווי: ביי חלפן 1,250,000 פראנק; האז 900,000 פראנק; ג. לעווי 900,000 פראנק; פאול בער־נארד 3,000,000 פראנק; אפענהיימער 1,700,000 פראנק; האדאמאר 180,300 פראנק; מאראם כהן 200,000 פראנק; סאלוואדאר קאהן 250,000 פראנק און סאמועל 1,000000 פראנק, און פון דעסטוועגען שאדעט ניט טערעזע עמבער צו שפיעלען איצט א ראלע פון איין אנטי־סעמיטקע.

— באראן ראטהשילד אויס פאריז האט צו זיין זילבערנע האכצייט, וואס ער האט נישט לאנג געפייערט געשאנקען 50,000 פראנק אויף צו היילען ברוסט־ און לונגענקראנקע.

**אמעריקא.** די אמעריקאנער בלעטער שרייבען, אז אין ריא דע זשענייראֿ, די הויפט־שטאדט אין בראזיליע (אמעריקא) האט מען דעם פאריגען ראש השנה נישט געקאנט צוזאמענקלויבען א מנין אויף צו דאווענען, חאטש עס וואהנען דארט מעהר ווי 3,000 יודישע נפשות.

**מצרים** דער קארעספאנדענט פון „וואסחאד“ אויס פארט־סאיד שרייבט, אז דער יוד חיים כהן, וועלכען מען האט בעשולדיגט, אז ער האט געהארג'עט א מענשען צוליעב זיין בלוט, וואס ער האט נייטיג צו מצות און מען האט איהם צוגע'משפט א יאהר שווערען אסטראג, איז דורך דעם העכערען געריכט בעפרייט געווארען.

---

## עמבער און דרייפוס.

די פראנצויזישע אנטיסעמיטישע צייטונג „גולוא“ האט אבגעדרוקט איין ארטיקעל, אין וועלכען דער שרייבער פעראייניגט דעם עמבער־סקאנדאל מיט דעם משפט־דרייפוס. לויט ווי דער שרייבער דערצעהלט האט דער בעוואוסטער לייטענאנט פאטי־די־קלאס, דרייפוס „סליעדא־וואטעל“ געשיקט א בריעף צו דעם פראנצויזישען קריגס־מיניסטער אנדרע, אין וועלכען ער האט איהם געבעטען, ער זאל איהם ערלויבען איין אודיענץ ביי זיך, ווייל ער האט איהם מגלה צו זיין א וויכטיגען סוד. דער מיניסטער האט איהם געענפערט, אז ער קאן איהם דאס שרייבען אין א בריעף, נאר פאטי האט עס נישט געוואלט אויפ־שרייבען, ווייל ער האט מורא געהאט, מען זאל דאס נישט באלד אב־דרוקען אין די צייטונגען און האט זיך אויסגעזוכט איין אנדער וועג. ער איז אוועק צו לעהרע דעם „סליעדאוואטעל“ פון דעם משפט עמבער, נאך איידער מען האט די פאמיליע ארעסטירט און האט פאר־געלעגט, אז מען זאל איהם אויספרעגען אלס עדות. לעהרע האט עס איהם צוליעב געטהון, אבער ער איז דערביי זעהר פארזיכטיג גע־וועזען, ער האט איהם געהייסען קומען דורך א זייטיגע טהיר און האט איהם אין א בעזונדער צימער אויסגעפרעגט. פאטי האט דערמאנט די פערשטעלטע טעלעגראמע פון דעם איטאליענישען אטאשע פאניזארדי, וועלכער דער גענעראל־שטאב האט דאס צוערשט קאפירט און דערמיט בעשולדיגט דרייפוסען און דערנאך האט עס דאס מיניסטעריום פאר אויסלאנד ווידער קאפירט און האט אויסגעוויזען, אז אין די טעלעגראמע געפינט זיך קיין ווארט, וואס געהער זיך אן מיט דרייפוסען, און דער גענעראל־שטאב האט עס מיט א כוון פאלש קאפירט. די נאציאנאליסטען אין פראנקרייך ווילען דערווייזען, אז נישט דער גענעראלשטאב האט פאלש קאפירט, נאר דאס מיניסטעריום פאר אויסלאנד, פאטי־די־קלאס בעשטעהט דערויף, אז די צווייטע קאפיע פון דרייפוסענס טובה וועגען איז געמאכט געווארען דורך די רעקאמאנדאציע פון מאדאם עמבער, וועלכע האט זיך זעהר גוט פערהאלטען מיט דעם מיניסטער פאר אויסלאנד. פאטי זאגט, אז צווישען די כתבים אין ארחיוו געפינען זיך דאקומענטען וואס דערווייזען אז ער זאגט ריכטיג, אט אזוי ווערען די אנטיסעמיטען אין פראנקרייך נישט מיעד צו זוכען נייע בלבולים אויף דעם אומשולדיגען אומגליקליכען דרייפוס.

---

## III. ציוניסטישע נייעס.

— ה' שווירלא פון באקו, (רוסלאנד) האט געשיקט 3,200 רובל צום דאקטאר הערצל אין וויען צו די הוצאות, וואס זענען נייטיג צום בויען א יודישע אוניווערזיטעט. 2000 רובל האט ה' שווירלא אליין געגעבען און דאס איבריגע געלד האט ער צוזאמענגענומען פון אנדערע.

— אין לידא (ווילנער גוב') איז די צייטען געגרינדעט געווארען א ציוניסטישע חברה מיט דעם נאמען „אגודת צעירי ציון“. נישט לאנג האט די חברה געמאכט א קאנצערט, אויף וועלכען עס זענען זיך צו־זאמענגעקומען 350 חברים, דאס רוב בעלי־מלאכות.

ה' בן־יהודה אויס זיטאמיר שרייבט אונז:

דא האט מען נישט לאנג געגרינדעט א נייע אגודה מיט דעם נאמען „צעירי ציון“, וועלכע בעשטעהט פון יודישע יונגע בעלי־מלאכות. יעדען שבת קומען זיך צונויף פיעל חברים צו לערנען און מען האלט אויף רעפעראטען. עס זענען שוין דא אין דער חברה 130 מיטגליעדער און עס קומען נאך צו.

---

## לאדזער בריעף.

לאדז, די גרויסע פאבריקען־שטאדט אין פוילען, אדער ווי די סוחר'שע וועלט רופט זי אן: דאס 2־טע מאנשעסטער, ציילט יעצט איז

אלגעמיין איינוואהנער ביז 400 טויזענד. דארונטער רעכענט מען איין ערך פון איבער 60 טויזענד יודען, וועלכע צעטיילען זיך אין 4 פערשידענע קלאסען. די ערשטע קלאסע זענען הייסע יודען — יודען מיט התלהבות, וועלכע וועלען נישט פערטוישען איין סעודת מצוה'לע, אדער נאר א מאנאפאלקע פאר'ן גאנצען ציוניזם — מיט דער קאלאניאל־באנק — מיט דעם נאציאנאל־פאנד אפילו, זיי האבען זיך יעדער זייער רבי'ן, זייער שטיבעל, זייער פאליטיק -- אפילו זייערע איינענע לאטערי־צעטלעך האבען זיי אויך.

די 2־טע קלאסע זענען אזוי יודען — דאס הייסט יודען אהין און אהער, געהען פונדעסטוועגען שבת אין שטיבעל אריין דאווענען, לאזען מאכען דעם רבי'ן א מי שברך, נאר מע טרעפט זיי אבער גאנץ אפט אין „שאנטאן" אויך און טרינקען שאמפאניער מיט חברה. די דריטע קלאסע זענען שוין יודישע דייטשען, אמת'ע אריסטאקראטען פון דור דורות — (אפשר פון 10 15 יאהר) מיט שווארצע צילינדערהיטע — אפילו אין דער וואכען, ווייסע האנדשוה, מיט הויכע אויפגעדרייטע וואנסעס, וועלכע קוקען אויף די איבריגע יודען אראב פון דער הויך און לאזען זיך באין אופן נישט איבערריידען אריינצולאזען דאווענען אין זייער סינאגאגע, שבת אדער יום טוב א יוד אין א געוועהנליך יודיש היטעל. די לאדזער יודישע אריסטאקראטען שטעהען נאך אין אנדערע הינזיכטען, פיעל העכער ווי ווארשאווער אריסטאקראטען, וועלכע לאזען זיך דאך אמאל אראב, ווען זיי האלטען עס פאר נייטיג שלום צו מאכען מיט חסידים, אז מען געהט קלויבען א רב, אדער ביי אויסקלויבען „דאזארעס", מע ווערד דאמאלס חבר מיט א ליאדע חסיד, און מפני דרכי שלום וועגען טרינקט מען אפילו א טרונק בראנפען אויף צוזאמען, אבי ניט קיין רעכטען רב צו לאזען צו נעמען, אדער א ציוניסטען חלילה צו קלויבען אלס דאזאר. די לאדזער אריסטאקראטען וועלען זיך שוין אזוי ווייט נישט ערנידריגען. די 4־טע קלאסע ווידער, זענען רוסישע יודען; אנגעפאהרענע פון גאנץ רוסלאנד, זענען אפילו נישט גאנץ ריין פון חסרונות. אבער דאס מוזען מיר פוילישע מודה זיין, אז זיי האבען אין זיך זעהר פיעל מעלות אויך, פערשטעהען גאנץ גוט ווי זיך בענעהן מיט יודישע אריסטאקראטען, מיט די מיטעלע יודען, אפילו מיט די ברענענדיגע חסידים אויך, אבי נאר צו פערדינען דאס קערבל, און וועלען זיך דווקא נישט געפינען בעליידיגט, מען זאל זיי אויך זידלען מיט די ערגסטע זלזולים. דאס הויפט געשעפט אין לאדז איז מאנופאקטור, מיט וועלכען מע בעקליידעט א האלב רוסלאנד און גאנץ פוילען דערמיט. כמעט אלע יודען דא זענען פאבריקאנטען, דאס הייסט ניט אלע פאבריצירען מיט אמאל, דען אמת'ע גרויסע פאבריקאנטען קאן מען אין לאדז איבערציילען אויף די פינגער, די איבריגע זענען נאר גלאט אזוי א פינף־זעכס חדשים פאבריקאנט, באנקראטירען זיך אב, ווי עס דארף צו זיין, דאן געהט מען שלאפען, און עס שטעהט אויף נאר א נייער יונגער מאן מיט א פרישען נדן, פאבריציערט אויך א פאר חדשים, דערנאך בלייבט ער שטיל, רוקט זיך אב אן א זייט, און מאכט פלאץ גאר פאר א פרישען פאבריקאנט, און אזוי געהט עס כסדר ווי א גלגל החוזר. קיין אנדער געשעפט אויסער מאנופאקטור איז אין לאדז נישט דא. טא וואס טהוען די אבגעפאהרענע פאבריקאנטען?

ווערען זיי מעקלערס — אבער דווקא נישט פון סחורה, ווייל דאס האבען ביי אונז צו גענומען אין מאנאפאל די ליטוואקעס, זיי זענען די קאמיסיאנערען און א פוילישער טאר זיך נישט צו ריהרען דערצו זיי ווערען מעקלערס פון הייזער, מעקלערס פון דירות, האנדלען צו מיט א ביסל לאטערי־צעטלעך, און אזוי ווי פון דעם אלעם קלעקט קוים צו בעצאהלען נאר בלויז דירה־געלד אין לאדז, טראגט מען אריין אין איין וועגס צו היימישע בעקאנטע א ביסל פאפאווי'ס טהע, פסח'דיגען שפיריטוס אויף א גאנץ יאהר, אבי נאר נישט ליידיג געגאנגען, ביז עס מאכט זיך ווידער א שטיקעל געלעגענהייט, עפיס א גוטער שותף, און מע ווערד צוריק פאבריקאנט אזוי ווי געוועזן.

וואהלטהעטיגע אנשטאלטען — דאס הייסט צדקה־חברות זענען אין לאדז דא א גאנצער סך, אבער נאר א סך, און אזוי ווי איך בין זיכער, אז איך וועל איצטער אלע נישט געדענקען אויסצורעכענען, דעריבער האב איך גאר מורא אנצוהויבען, די איבריגע זאלען זיך נישט געפינען בעליידיגט. נאר דאך וואלט געוועזען א גרויסער יושר, אז די לאדזער יודען זאלען עפיס גריגדען אויך א פאנד אויף צו מאכען א ווינקל, וואו די ארעמע יודישע קאליקעס נעבעך, וועלכע שלעפען זיך ארום אין די גאסען, זאלען האבען ווי אנידערצולעגען זייערע צעבראכענע ביינער. עס איז ווירקליך שרעקליך צו צוזעהען אויף טריט און שריט, ווי עס ראטשקעווען זיך ארום אין די גאסען קאליקעס פון אלע סארטען, קרומע, טויבע, שטומע, הינקעדיגע, קרעציגע, אזעלכע וועלכע האבען ליידער קיין פיס נישט און ריקען זיך מיט א ברעטל אויף דער ערד, לאהמע מיט קולעס, קרומע מיט אויסגעדרעהטע פנים'ער, קאליקעס, וועלכע מען טראגט ארום אויף די הענד, מען שלעפט זיי אין ווענעלעך, איהר קענט זיי בעגעגענען ארומשלעפענדיג זיך פאר מיטאג אין די שטיבען, געוועלבער, נאך מיטאג ליגענדיג אויף די טראטוארען, יעדע 0 שריט איין אנדער קאליקע. איינער זיצט אויף א שטיינערן טרעפל און שטרעקט אוים אויף דעם טראטואר זיין צעבראכענעם מיט שמאטעס באנדאזשירטען פוס, דער צווייטער זיצענדיג אביסל ווייטער — וועלכער וויל וואהרשיינליך ווייזען אז מיט יענעם איז נאך נישט קשה — האט ער חאטש איין פוס, לאז זיין א צעבראכענעם, אבער ער האט דאך גאר ני'שט, איין ארעמאן אהןביידע פיס, זיצט ער שוין אין מיטען טראטואר, און קאנקורירט מיט דעם צווייטען. עס איז זעהר נייטיג צו זארגען וועגען א ווינקל פאר די ארעמע יודישע קאליקעס ביי אונז אין לאדז.

אברהם —טער.

---

# מחשבות

פון

מ. י. ב.

עס איז דעם כלל ישראל שלעכט, רבותי. מע מוטשעט זיך היינטיגע צייטען, אז גאט זאל זיך מרחם זיין. דאגות און עגמת־נפש גאר אן א שעור און די פרנסות זענען אזוי דערשלאגען, אז מען קאן קוים אויפהייבען דעם קאפ. יודען זענען געוואנט תמיד אויף זיך צו טראגען און האבען א דרך זיך דורכצושטיפען אויף דעם עולם מיט קאשע און קרויט, מיט א טרוקען שטיקל ברויט, היינט אבער געהט דער

ענין טיפּער: עס איז בעצם שלעכט. נישט נאָר דער מעמד פּרנסה, נאָר טאַקי אַלצדינג. אַלע זאַכען, וואָס זיי זענען געווען אַ חזוק פֿאַר יודען, לאָזען זיך אוים און עס איז פֿאַר די דורות שווער הן אין רוחניות, הן אין גשמיות. דער סך־הכל איז היינט אַ גאַנץ אַנדערער פֿון אונטען ביז אויבען, פֿון יחיאל וואַסערפֿיהרער ביז לייב תנחומ׳ס, פֿון שמעיה ראובנ׳ס ביז ראובן גרונמ׳ס פֿון דעם פּאָהן. יודען, בני רחמנא טהוט תשובה! אַז דאָס איז אויך היינט ניט מעהר פֿאַרהאַן ווי אַמאָל. מען איז מיעד און מען בעדאַרף זיך אויסרוהען. נו, נעם ווידער דעם זאַק אויף די פּלייצעס און גע־ה, גע־ה אַהין, וואו דיינע אבות אבותינו זענען קיינמאָל ניט געווען, גע־ה פֿון איין גלות אין איין אַנדערען.

און דער ענין גלות גופא איז אַ שווערע זאַך משיג צו זיין. קיינער ווייסט ניט פֿאַר וואָס עס איז אַזוי, נאָר דאָס ווייסען מיר, אַז מיר יודען האָבען זיך פֿערזינדיגט און אַז גאָט האָט אונז געשאָפֿען, כּדי אונז צו לייטערען פֿאַר אונזערע עונות. דער אמת איז, אַז עס איז גאָרניט מעהר אויסצוהאַלטען, אַז עס דערגעהט עד עומקא דליבא, ביז אין האַרצען אַריין. יעקב בּרבּי משה, טהו אוים דעם ספּאָדעק און זאָג דיר, אַז דו ביסט אַקבּצן לדור דורות, שמואל יוכבד׳ס נעם די טאָרבע און גע־ה אין די הייזער.

איהר האָט אַלע געהערט די מעשה פֿון דעם בן־מלך און פֿון דער בת מלכּה. בּיידע זענען זיי געווען שען ווי די זון און האָבען געטראַגען די גילדענע קרוין, אָבער נאָכדעם זענען זיי פֿאַרטריבען געוואָרען פֿון דעם טאַטענס טיש און מוזען קלויבען אין דער פֿרעמד ביינער... דער נמשל איז די כּנסת־ישראל, גאָטס פֿאָלק, וואָס ער האָט זיי אויסגעוועהלט פֿון אַלע אומות און זיי אַרויסגעצויגען פֿונ׳ם לאַנד מצרים, כּדי זיי זאָלען איהם דיענען..דאָס איז דער תּכלית הבּריאה, ווי אונזערע חכמים זאָגען און ווי יעדער בּן תּורה טראַכט זיך, בּשעת ער האָט הנאה פֿונ׳ם ספר, וואָס ער קוקט אין איהם אַריין. דער פּשוט׳ער עולם איז מיט דעם ניט יוצא. צרות מוזען אויך האָבען איין עק. אַז גאָט וויל אונז שטראָפֿען, זאָל ער אונז חאָטש געבען אַמקום מנוחה און נישט לאָזען שוואַרצען דאָס פּנים אין שכנות.

---

# פֿונ׳ם עולם התּהו.

איהר ווילט וויסען: ווער, וואָס און פֿון וואַנען איך בּין?

אַ גלות־יוד, אַ יודישער בּרויטגעבער און פֿון דער גאָרער וועלט בּין איך!

היינט זעהט איהר מיך אין אַ גרויסער, רעש׳ענדיגער שטאָדט, און מאָרגען—אין אַ קליין שטעדטל, וואָס טרינקט זיך בּלהש אין דער בּלאָטע פֿון עניות ואביונות. אָט בּין איך אין אַ דאָרף, אַ פֿעלדקרעטשמע, שלעפּ זיך אין אַ וואָגען פֿון אַ פּשוט׳ן בּעל־עגלה און פּלוצים—איך פֿליה שוין מיט׳ן אייזענבּאַן אויף דער יבּשה אָדער מיט דער שיף איבּער די ימים. די פּאָרע האַפּט מיך און טראָגט מיך, ווי אַ רוח אַ מלמד.

איך בּין בּעשטענדיג אין וועג. וואו איך טאָג—נעכטיג איך ניט, און וואו איך נעכטיג—טאָג איך ניט. מיין גאַנץ לעבען איז אַ מין: אַ, אַ! אַ פֿאָהרעניש, איילעניש, לויפֿעניש און פֿליהעניש;

דאָס איז אַזאַ מין פּרנסה, איין אמת׳ע יודישע פּרנסה.

איך מוז, פֿערשטעהט איהר מיך כּסדר לויפֿען, פֿליהען, בּכדי דער אָדער יענער זאָל בּיי מיר, חס ושלום, ניט אויסחאַפּען מיין גליק.

„דיי" און „יענע" יאָגען נאָך שטאַרקער, לויפֿען נאָך גיכער און פֿליהען נאָך ווייטער, כּדי איך זאָל בּיי זיי ניט אויסרייסען זייערע גליקען.

די גאַנצע קונץ, גוטע בּרידער, בּעשטעהט אין דעם, אַז ווען איך בּעדאַרף, למשל, זיין געשעפֿטליך אין קבּצניפּקע און פּיהל, אַז אין דער איינער צייט קענען, חלילה, „דיי" אָדער „יענע" דערווייל זיך אַריינהאַפּען קיין אביוניפּקע, — מוז איך אַנווענדען אַלצדינג, דאָס הייסט, אויסקלערען, עפּים אויפֿטהון אַזוינס, אַז איך זאָל זיין, אי דאָ, אי דאָרטען, איידער „יענע" און „דיי" וועלען אַהין קומען.

אַוודאַי מאַכט זיך, און דווקא צו אָפֿט, ווען איך בּין שוין גאָר אין גאַנצען פֿערזיכערט, אַז איך האָב עס אָבגעאַרבּעט אַזוי קלוג, אַזוי קונציג, און צום סוף...

איך קום צולויפֿען קיין קבּצניפּקע און טרעף „דיי"; אין איין אָטהעם פֿליה איך שוין קיין אביוניפּקע און... מזל־טוב; „יענע" מיט אַ שמייכעלע פֿון גליקליכע לצים פֿאָהרען שוין צוריק...

אַזוי דערעסט מען ניט, מע דערטרינקט ניט, דערשלאָפֿט ניט און פּטור פֿון רוה, פֿון לעבען...

ניט איינמאָל, זיצענדיג אויף אַ בּעל־עגלה׳שען וואָגען, ווען אויף מיין רעכטען פֿוס גנעפּינען זיך אַ פּאָר פֿאַרשוינען און איבּער מיין לינקען קריכען זיך צוויי יודען מיט איין אָבגעריענטען סאָלדאַט, אָדער, שטעהענדיג ענגיק אין אַ וואַגאָן פֿונ׳ם אייזענבּאַהן, אַרומגערינגעלט מיט אַ שרעקליכער מחנה מענשען פֿון אַלע אומות העולם, צעטענה איך זיך:

„רבּונו של עולם! אָט דאָס איז עס גאָר?... ווער, וואו און וואָס בּין איך?... פֿאַר מיין כּח, מוח און טבע זענען אַזעלכע ענינים?... אָט דערצו האָבען מיך גערופֿען מיינע ריינע מחשבות? אָט צו דעם האָט מיך געצויגען און געוועקט די טייערע, הייליגע האָפֿנונג?... וואו ביזט דו, יוגענד? וואו זענט איהר, וואָס שווינט איהר, ריינע, פֿרומע מחשבות?!... ניין, ניין, דאָס מוז נאָר זיין אָדער אַ בּייזער חלום, אָדער אַ בּיטערער טעות..."

און איך הייב אָן זינדיגען, און איך וויל שוין גאָר אינגאַנצען בּרוגז ווערען אויף דער גאַנצער השגחה...

דער יוד, אָבער וואָס לעבּט אין מיר, הערשט איבּער אַלע מיינע אבריס, דערמאָנט מיך, אַז איך האָב אַמאָל געשמאַק געלערענט, און איך נעם זיך צו דער אַלטער גמרא, עפֿען די פֿערשימעלט ספרים...

איך פֿרעג קשיות, ענטפֿער תּירוצים, איך זוך, נישטער אומעטום... איך בּין מגלה סודות...

פֿאַר וואָס יעדער פֿון אונז, יודישע בּרויט־געבּערס, פֿערנעמט זיך דווקא, עפּים אַזוי ווי אויף להכעיס, נאָר דערמיט, צו וואָס ער האָט זיך גאָר ניט פֿאַרבּרייטעט, און צו וואָס ער טויג לחלוטין גאָר ניט?

פֿאַר וואָס ווערען אונזערע מאיר־בּערס, רובּינשטיינס, אַנטאָקאָלסקים, היינעס בּערנעם מגלגל אין בּרויט־האַלק־קוילען־הענדלערס, פּאָדראַטשיקעס, און קרעמערס...

דערפֿאַר, ווייל מיר און אונזערע נשמות זענען אין גלות...

דערפֿאַר ליגט אויף אונזער יודיש לעבען, אויף אונזערע יודישע נשמות אַ קללה, אַ גרויסע, שרעקליכע קללה, אַז דעם צער פֿון גלגול הנשמות זאָלען מיר ליידען אי בּיים לעבען, אי נאָכ׳ן טויט...

אויב אַזוי,— ווער־זשע ווייסט? — אפשר בּין איך אַליין אויך ניט מעהר ווי אַ גלגול פֿון אַ גרויסען חוטא, מסוכנ׳עם בּעל־עבירה׳ניק?...

אויב אַזוי,— בּעדאַרף איך דאָך טאַקי, אָהן עושר און אָהן כּבוד, גוט—גוט אויסגעריסען, פֿערשוואַרצט ווערען, אָבקומען אויף דער וועלט, בּכדי די זינדיגע נשמה מיינע זאָל אָבגעוואַשען, ריין ווערען פֿון איהרע גרויסע און קליינע פֿלעקען?!...

אזוי, אזוי, מיר אלע, יודישע פרויטגעבערס, זענען גלגולים און זוכען תקון! ...

ניט אומזוסט זעהר אפט, חאטשע איך מוז דאך באשטענדיג איבערלייפען „די" און איבערפליהען „יענע", דרעה איך זיך ארום נעבען א פעלד־קרעטשמע ארום א בעל־עגלה'שען וואגען און פערגעס גאר, וואו איך האלט אין דער וועלט.

איך בעדארף, איך מוז פאהרען! איהר פערשטעהט?

דער בעל־עגלה האט שוין פון לאנג איינגעפאקעוועט אלע פאר־שוינען. ער פאיעט שוין די פערד. ער קוקט אין מיין זייט און שרייעט:

— רבי קרוב! איהר זעצט אייך אויף?

און איך דרעה זיך ארום און ווארט.

עס איז זומער־לעב. ארום און ארום לעבט, ווארעמט, זינגט... פלוצים דערפיהל איך מיט אלע אברים, אז איך וויל, קאן אויך לעבען, און מיר וויל זיך, מיט'ן הארץ, מיט דער נשמה, צונויפגעקלעבט, אויסגעמישט ווערען מיט אלצדינג, וואס איך זעה, הער און פיהל... נאר דער בעל־עגלה...

— רבי סוחר, די פוהר וועט אייך אוועקווארפען!

און מיך רופען, בעטען צו זיך די גרינע פעלדער, די זאנגען בייגען זיך, שאקלען מיט די פערוואקסענע קעפלעך אהין און אהער... זיי שטעהן שמונה־עשרה, טארען ניט אויסריידען, נאר זיי ווינקען צו מיר...

— וואס איז דאס מיט אייך דער מעהר, וואס כסדר מוז מען אייך, איך בעט איבער אייער כבוד, ווי די ערגסטע שקאפע אונטער־טרייבען?

אוי, גאטוניו, דער וואלד, דער שענער, פער'כשופ'טער וואלד! ...

— א מין ליק, א צרה, א מין שלאק! כל המינים פערד האב איך שוין געזעהען אבער אזא מין פאסאן נפש האב איך נאך ניט בעגעגענט!

נאך, מששת ימי בראשית שטעהען זיי, די אלטע, הויכע ביימער, און שושקען זיך... אויף וואס, נאך וואס און צוליעב וועמען שטעהט די אלטע וועלט? ... אפשר סוד'ען זיך די ביימער וועגען די גרויסע און שארפע ענינים? ... זיי רופען, זיי ציהען מיך צו זיך...

— מאלט אייך, איך וואלט מיט איהם פשוט כפרות געשלאגען, וואס האב איך געטהאן מיט'ן ווייסען, גע'פגר'טען „קאשטאן"? וואס טהו איך מיט איין אבגעריבענער פאדקאווע? א שנה, ריינע כפרה פאר די לעבעדיגע „אדלערס"; אויף להכעיס אבער, צאהלט ער פאר דריי און זאגט ניט קיין דעה אין די לאקשען, זעצט איהם דא, לעגט איהם אהין—ער שווייגט; ווילט איהר—נעהט ער צופוס. א שנייי, רעגען, א בלאטע—ניט זיין עסק! א גוטער, טייערער בעל־עגלה'שער „לאשאק" ... איך מיין, א טשיסטע קלימעק, א זאק האבער!

די פייגעל אין וואלד זינגען אדער זיי וויינען? ... אפשר זינגען זיי און פרעהען זיך, ווייל זיי האבען מגלה געוועזען דעם גרויסען סוד פונ'ם אלטען וואלד? אפשר וויינען זיי, ווייל די מענשען ווייסען און פערשטעהען גאר ניט? ... יא, יא, די פייגעל בעזינגען אדער בעוויינען די מענשען, די גליקליכע־אומגליקליכע מענשען, וואס ווייסען פון גאר ניט.

— הכלל, איהר פאהרט צו ניין?

מיין בעל־עגלה שפאנט שוין איין די פערד.

און איך דרעה זיך נאך אלץ אהין און אהער. איך קוק אין אלע זייטען און ווארט, טאמער ...

אפשר יועל איך שוין פארט מעהר ניט בעדארפען פאהרען? ...

אפשר וועט זיך מיר נאך טרעפען אזוינס, אז ...

נו, מיינע פאטער און מוטער זאלען אנקומען ...

א, ווען זיי קומען אן, ווען זיי דערזעהען מיך! ...

בריט, בריט עפענען זיי זייערע ארעם, פעסט, פעסט טיהעלען זיי מיך און דריקען מיך צו זייערע הערצער ...

— זוהניניו! גענוג דיר שוין יאגען, לויפען און פליהען! גענוג דיר זיין נע־ונד! רוה דיך אב! גלייך אוים דיינע קראנקע, צעבראכענע ביינער! ...

איך דרעה זיך ארום און ווארט, איך האף...

אפשר וועל איך נאך בעגעגענען אליהו הנביא? ...

ער וועט מיר דערלאנגען דעם גוטען גראשען, פון וועלכען איך וועל שוין קענען אלע מיינע יאהרען ציהען דאס שטיקעל פרנסה אהן די אלע פאהרעניש'ען, אויפטהועניש'ען, פליהעניש'ען און קונצען ...

איך ווארט אויף „רבי לייב־שרה'ס" ...

אז ביים לעבען האט ער בעשטענדיג געהאט „קפיצת־הדרך"—מכל־שכן נאכ'ן הסתלקות און פון דעם אמת'ן עולם! ... ער קאן נאך און וועט קומען! ניט ער, גרויסער, אמת'ר אוהב־ישראל, האט אלע זיינע יאהרען, זיין גאנץ לעבען פערבראכט אויף אויסבעסערען, פער־גרינגערען דעם ביטערען, לאנגען גלות,—די גרויסע, יודישע צרות? ווי פיעל אומגליקליכע, פערמאטערטע יודישע נשמות האט רבי לייב־שרה'ס מתקן געוועזען? וואס מאכט ביי איהם גאר אוים, געבען תיקון איין אומגליקליך נשמה'לע?

א, ווען ער קומט איצט אן און זאגט מיר: „קינד מיינס, גענוג! געה אין דיין רוה אריין!" ...

— וויאו, לצים—שרייט שוין תנחום טראק און קנאקט מיט דער בייטש—וויאו, שדים!

טיעף—טיעף שטעק איך שוין ביי רבי תנחום'ן אין וואגען, ארום און ארום פערקרעמפעוועט מיט יודען, ווייבער, בתולות און גלייט אזוי בחורים ...

מיינע עלטערן זענען ניט נעקומען. לאנג, לאנג זענען זיי שוין אויפ'ן אמת'ן עולם ...

אליהו הנביא בעגעגענט נאר דעם „איש חסיד", אי דאס זעלטען...

און רבי לייב־שרה'ם ...

זינט עס האבען זיך אנגעהויבען מעהרען און פערבפערען די נייע מאדנע „גוטע־יודען", וואס לעבען ווי די גרעבסטע שררים און דווקא נאר פאר זיך אליין,—ווייזט זיך שוין מעהר ניט רבי לייב שרה'ם אויף דער וועלט ...

א גלגול.

---

# דער יודישער גלות.

די הארטע און שווערע מלחמה, וואס יעדעס בעשעפעניש פיהרט געגען די נאטור און אויך געגען די פיעל שונאים, וואס יעדער האט אין דער וועלט — די מלחמת הקיום, האט אין זיך א וואונדערליכען כח, אז זי אליין גיט זיי די מיטלען, ווייזט זיי דעם וועג וואו זיי זאלען געהן, וואס זיי זאלען טהון, כדי זיי זאלען האבען א קיום. יעדעס בעשעפעניש האט זיך איהרע כלי־זין מיט וואס עס שאפט זיך זיין בעדערפעניש, און דערהאלט זיך אויף דער וועלט. און וואס מעהר זיי בענוצען די כלי־זין, וואס לענגער עס דויערט די מלחמה, וואס דער מענש מיט די אנדערע ברואים פיהרען מיט דער נאטור און מיט זייערע פיינד, אזוי ווערען די כלי־זין אלץ שארפער אלץ בעסער צוגעפאסט צו דער שווערע מלחמה. די נאטורפארשער בעווייזען מיט אותות ומופתים, אז א סך גרויסע חיות, וואס האבען א מאל געלעבט אויף דער וועלט זענען אונטערגעגאנגען, גאנץ אויס־

געשטארבען, ווייל זיי האבען נישט געוואוסט ווי אזוי זיך צו פיהרען, כדי זיי זאלען זיך דערהאלטען און פערקעהרט ווידער אנדערע חיות שוואכע, וואס האבען געוואוסט ווי צו בענוצען זייערע פעהיגקייטען אין דער מלחמה זענען גראד געבליבען לעבען.

די אייגענע מלחמת־הקיום געפינען מיר אויך אין דער וועלט־געשיכטע, אויך דארט ווערד געפיהרט א שווערע מלחמה פאר דאס לעבען, נישט פון קיין יחידים, פון איינציגע מענשען נייגען איינאנדער, נאר פון גאנצע פעלקער, פון נאציאנען. דא אין דער מלחמה זעהען מיר אויך דאס אייגענע וואס אין די פריהערדיגע מלחמות, וואס יעדער פיהרט פאר זיך. אויך דא האבען זיך דערהאלטען נישט די שטארקע, נישט די גרויסע נאציאנען וואס האבען געהאט א סך מענשען, א סך סאלדאטען. ניין! די גרויסע און שטארקע פעלקער, וואס האבען געהאט צו טהון מיט דער גאנצער וועלט, האבען זיך מיט אלע געטשעפעט, זענען גראד אונטערגעגאנגען, זייער נאמען איז כמעט אין גאנצען געווארען פערגעסען. געבליבען זענען נאר די וואס האבען געהאט א גרויסע אינווייניגע לעבענסקראפט און שטארקע טיעפע איינגעווארצעלטע מאראלישע כחות. די פעלקער ווי די איינציגע ברואים, וואס האבען גובר געווען אין דער מלחמה, איז נישט ווייל זיי האבען טאקי געוואוסט, האבען פארשטאנען מיט א שכל וואס צו טהון, ווי צו פיהרען די מלחמה כדי זיך צו דערהאלטען אויף דער וועלט. ניין! חלילה. מיט קאפשטיק, מיט חשבונות, פיהרט מען אין דער מלחמה נישט אויס, מען געווינט די מלחמה כמעט נישט וויסענדיג ווי אזוי עס איז געקומען, יעדער איינציגער טהוט זיך וואס פאר איהם איז ניצליך, געהט זיך זיין וועג און איז גאר נישט אויסען קיין טובת הכלל. ערשט צום סוף, אז מען קוקט זיך ארום, זעהט מען ערשט אז אלע אין זייערע מעשים האבען געזוכט, האבען געשטרעבט צו איין ציעל. דער אינווייניגסטער כח וואס וויל לעבען זוכט שוין אליין דעם וועג ווי דאס צו דערגרייכען, די ווירקונג פון אזא לעבענסקראפט געפינען מיר אויך אין דעם יודישען גלות.

איינער פון די גרעסטע וואונדער אין דער וועלטגעשיכטע איז געוויס דער: וואס פון אלע גרויסע פעלקער, וואס האבען א מאל געהערשט אויף דער וועלט, איז קיין זכר נישט געבליבען, נאר דאס קליינע שוואכע א סך מאל צעטרעטענע יודישע פאלק איז געבליבען לעבען, שטענדיג האט מען זיך געמאטערט דאס צו דערקלערען מיט א שכל. מען האט געוואלט פארשטעהן ווי אזוי א פאלק האט געקאנט בעשטעהן ווען זיין לאנד איז געווארען וויסט, זיין בית־המקדש צעשטערט און זיינע בעסטע. עדעלסטע זיהן און טעכטער זענען פערטריבען, צעזייעט איבער דער גאנצער וועלט? ערקלערען דעם וואונדער, בעווייזען דעם כח וואס האט דאס בעווירקט קאן מען נישט, דאס איז פון אונזערע אויגען פארבארגען. מיר קענען נאר זעהען דעם וועג וואס האט געפיהרט צו דעם אז די יודען זאלען האבען א קיום. און בעוואונדערן די מיטלען, וואס די השגחה האט בענוצט צו דעם צוועק. איינע פון די וויכטיגסטע סבות, וואס האבען נישט דערלאזען, אז דאס יודישע פאלק זאל אונטערגעהן גלייך מיט אנדערע פעלקער צוזאמען מיט זייער לאנד, איז דער יודישער גלות גופא. דער אמת'ער יודישער גלות, די צעשפרייטקייט פון דעם פאלק איבער דער וועלט הויבט זיך אן נישט ווי מען מיינט, ערשט נאך דעם חורבן. נאר אסך פריהער, און בשעת חורבן איז שוין דער גרעסטער חלק פון דעם יודישען פאלק נישט מעהר געזעסען אין ארץ ישראל.

דער דאזיגער פרייוויליגער גלות האט זיך אנגעהויבען זעהר פריה. באלד נאך דעם ערשטען חורבן געפינען מיר אין א פסוק, אסך יודען זענען אוועק קיין מצרים און האבען דארט געגרינדעט א יודישע ישוב. דערנאך אז די יודען זענען אפילו צוריקגעקומען פון גלות און האבען אויסגעבויט דעם בית המקדש אין כורש'עס צייט, זענען די יודען נישט צוריקגעקומען, זענען פארבליבען אויף זייערע ערטער. אויך אין בבל זענען געבליבען אסך יודען, וואס האבען נישט געוואלט פארלאזען דאס פרוכטבארע לאנד און געהן אויפבויען זייער לאנד, דאס איז געווען דער אנהויב, אבער נאר קליינינגקייטען. די געוואלטיגע גרויסע אויסברייטונג פון די יודען אויף דער וועלט הויבט זיך אן אין אלכסנדר מוקדון'ס צייט.

אלכסנדר מוקדון'ס קומען און איינגעהמען אזיע, האט געהאט אין יענער צייט אזא גרויסען איינפלוס אויף דעם לעבען און דער ענטוויקלונג פון די פעלקער אזוי ווי די ענטדעקונג פון אמעריקא אין די שפעטערע דורות. עס האט אויפגעשלאסען פאר די רוהיגע פערשלאפענע אריענטאלישע פעלקער א נייע וועלט, וואס האבען ביז איצט גאר נישט געקענט, און דעם וועלט־האנדעל אנגעוויזען נייע וועגען. די נייע שטעדט, וואס ער האט געגרינדעט זענען געווען בעשטימט דורך זייער לאגע צו ווערען מיט דער צייט די וויכטיגסטע האנדעלס־שטעדט. כדי צו דערגרייכען דעם ציעל האט מען געמוזט בעזעצען אין די שטעדט מענשעי, וואס זענען פעהיג צום האנדעל, וואס האבען אונטערנעהמונגס־גייסט. דארום האט אלכסנדר מוקדון אומעטום אין אלע שטעדט, וואס ער האט געגרינדעט, אויפגענומען די יודען פאר גוטע געסט. דער שריפטשטעלער יוסף בן גוריון הכהן דערצעהלט, אז אלכסנדר האט געגעבען די יודען גלייכע רעכטע מיט די מקדונים און ער האט זיי בעפרייט פון דעם מס, דעם קאפשטייער, וואס אלע אנדערע פעלקער א חוץ מקדונים האבען געמוזט צאהלען. זיין יורש סעלוקאס I. האט דאס אייגענע געטהאן ווען ער האט געגרינדעט די שטאדט אנטיוכיא. דאמאלס איז אין ארץ ישראל די לאגע פון די יודען נישט געווען זעהר גוט. זיי האבען שטארק געליטען פון די אינוועניגסטע מלחמות און אויסערע גרויסע שטייערן. דארום איז קיין וואונדער נישט. וואס האבען זיך געפונען א סך וואס האבען אויסגעוואנדערט אין די נייע אויסגעבויטע שטעדט. מיט דער פרייוויליגען אויסוואנדערונג זענען די מלכים נישט שטענדיג געווען צופרידען. עס איז פאר זייער צוועק געווען צו ווייניג, דעריבער האבען זיי שפעטער אנגעהויבען מיט געוואלד אוועקצופיהרען יודען צו זיך אין זייערע לענדער.

פטאלאמעאוס לאגי (I.) האט עטליכע טויזענד יודען מיט געוואלד בעזעצט אין מצרים. אנטיוכוס דער גרויסער (III.) האט צוויי טויזענד יודישע פאמיליעס אוועקגעפיהרט פון בבל קיין קליין אזיע און האט זיי בעזעצט דארט, זיי זאלען איהם אפהיטען די נייע לענדער, וואס ער האט איינגענומען. אויך דעמעטריוס (I.) האט פערלאנגט פון דעם כהן גדול יונתן, יהודה המכבי'ס ברודער, ער זאל איהם געבען דרייסיג

טויזענד יודען, צו בעזעצען אין די געגרינדעטע שטעדט. די מלכים האבען געהאלטען די יודען פאר א שטארק און געטריי פאלק, וואס מען קאן זיך אויף זיי פערלאזען, דארום האבען זיי בענוצט יודען אפצוהיטען די אונזיכערע ערטער, וואו זייער מלוכה איז נאך נישט געוועזען שטארק גענוג.

(ענדע קומט).

שאול יצחק סטופניצקי.

---

# פאלקס געזונדהייט.

## אנשטעקענדע קראנקהייטען.

(ענדע).

אסך האט שוין איירא‍פא געטהון און אויפגעטהון אין דעם ענין, כמעט אין אלע איירא‍פעאישע גרויסע שטעדט זענען דא קראנקהייזער ספעציעל פאר קינדער, ווי אויך פאלאטקעס, וואו מען האלט די אנשטעקענדיגע קראנקע יעדען בעזונדער; די אינסטיטוטען, וואס זענען געמאכט געווארען צו היטען די געזונדהייט פון דעם פאלק פערברייטערען זיך וואס א מאל מעהר. די דאזיגע אינסטיטוטען האבען צו זארגען פאר די געזונדהייט פון אזויגע קראנקע, וועלכע זענען איבער א געוויסע סבה נישט אריין אין די קראנקען־הייזער; אין אסך שטעדט זענען שוין דא עקסטרא הייזער צו ריינינגען די לופט פון אזויגע קליינע ברואים'לעך, וואס זענען שעדליך צום געזונד, מיט די נייעסטע מיטלען, וואס די מעדיצין האט ערפונדען. דער געבילדעטער עולם ווייסט זיך שוין אליין צו היטען. זיי ווייסען ווי געפעהרליך די קראנקהייטען סקארלאטין, דיפטעריט און מאזלען זענען און זונדערען אליין אב זייערע איבריגע קינדער פון דעם קראנקען; שלעכט איז נאר מיט דעם פראסטען אומגעבילדעטען עולם. זיי זענען נאך זעהר נישט פארזיכטיג, בפרט ווען עס טרעפט, אז עס שטארבט, חס ושלום, ביי עמעצען א קינד, דענסטמאל קומען זיך צוזאמען די קרובים און בעקאנטע פון דער אומגליקליכער פאמיליע, כדי צו ווייזען זיי, אז זיי נעהמען א טהייל אין זייער צער, העלפען זיי בעוויינען דאס יונגע קינד און פערגעסען בשעת מעשה, אז זיי שטעלען איין דאס לעבען פון זייערע קינדער אין סכנה, אז דער אייגענער געדונגענער וואגען, וועלכער האט זייער קרוב'ס קינד געפיהרט אין דער איביגער רוה וועט, חלילה, פיהרען אין אפאר טעג שפעטער אין דעם אייגענעם ארט זייערם א קינד, וועלכעס איז נאך איצט פריש און געזונד.

וויפיעל קינדער זענען נעבעך אוועקגעגאנגען אהן א צייט פון דער וועלט, מחמת דעם טעות, וואס דער קליינשטעטלדיגער עולם האט נעהאט און האט געהאלטען דעם קערפער פון א קינד, וואס איז געשטארבען פון איין אנשטעקענדיגער קראנקהייט פאר נישט שעדליך. די פראנצויזישע געלעהרנטע מארפאן און זשאן גאני האבען אונטערזוכט פיעל קערפערס פון קינדער, וואס זענען געשטארבען פון איין אנשטעקענדיגער קראנקהייט און האבען דערוויזען, אז אין די ערשטע טעג נאך דעם טויט, ווערד דאס אנשטעקעניש נישט שוואכער, אויב נישט שטארקער. ד"ר טיליציייעוו ברענגט אין זיינעם א מאמר, אינטערעסאנטע ידיעות וועגען די דיפטעריטישע עפידעמיע, וואס איז געווען אין יאהר 1884 אין איינינגע שטעדט פון וואראנעזשער גובערניע. ער ווייזט אויף, אז דאס רוב קראנקע זענען געוועזען אין די הייזער, וואו דער ערשטער דיפטעריטישער קראנקער איז געשטארבען, אז על פי רוב האט די קראנקהייט געהערשט צווישען די קינדער פון דעם פערשטארבענעמס קרובים, אז די עפידעמיע איז אריבער געשפרונגען אסך הייזער און האט זיך אבגעשטעלט אין אהויז, וואס איז גאנץ ווייט פון דעם הויז, וואו עס האט זיך אנגעהויבען, און דאס איז אלץ מחמת דעם, וואס די קרובים, וועלכע וואהנען ווייט פון דעם קראנקען קומען איהם מבקר־חולה זיין, אדער ווען דאס קינד שטארבט חלילה געהען זיי צו דער לויה, קומען מנחם אבל זיין און פערשלעפען די קראנקהייט צו זיך אהיים.

נישט פיעל בעסער געהט עס צו אין די גרויסע שטעדט. דארטען לייגט מען אריין דעם מת, וואס איז געשטארבען אויף איין אנשטעקענדע קראנקהייט, אין א געוואהנליכען הילצערנעם ארון, מען פיהרט איהם אוועק מיט אפראסטען וואגען, וואס מען דינגט ביי א פוהרמאן, און נאך דער מטה געהט נאך איין עולם פון דערוואקסענע מענשען און קינדער. דער פראפ. ד. א. סאקאלאוו, וועלכער איז געווען אויף די בית הקברות'ן פון פעטערסבורג, כדי צו דערווייזען, וואס פאר א סכנה עס קומט ארויס פון דעם מנהג, וואס מען געהט צו דער לויה פון א טויטען, ברענגט אין זיינעם א מאמר זעהר ניצליכע ציפערס. ער איז אין איינינגע טעג געוועזען אויף י' בית הקברות'ן, אויף וועלכע מען האט מקבר געווען 4 קינדער, וואס זענען געשטארבען פון דיפטעריט, און צו דער לויה זענען מיטגעגאנגען 31 קינדער, צווישען זיי 8, וואס זענען נאך ביי די מוטערס ברוסט. אסך פון די 31 קינדער זענען נאכדעם אליין געפאלען אלס קרבנות אדער האבען איבערגעטראגען די קראנקהייט אויף זייערע חברים.

אזויגע פאקטען זענען דא אסך און מען דארף דעריבער מלחמה האלטען מיט אלע כחות געגען דעם. דאס בעסטע מיטעל, וואלט אודאי געוועזען, מען זאל זעהען צו פערברייטען די היגיעניש כללים צווישען פאלק, אזוי אז יעדער זאל וויסען ווי גרויס די סכנה איז וועלכע ער קאן מיט זיין נישט פארזיכטיג זיין, געהן מבקר חולה אנשטעקענדע קראנקע, ברענגען אויף אסך קינדער. נאר דערפון זענען מיר לעת־עתה נאך זעהר ווייט.

אין פרייסען האט מען שוין מיט 20 יאהר צוריק פארגעשטעלט א פראיעקט, אז מען זאל אלע מתים, וואס זענען געשטארבען פון איין אנשטעקענדע קראנקהייט, איינוויקלען אין א ליילעך, וועלכעס מען האט פאר דעם דורכגעשפריצט מיט געלאשענעם קארבאל־וואסער, מען זאל די מתים נישט מטהר זיין, אפילו אין קיין תכריכים נישט אנטהון, נאר באלד אריינלעגען אין איין ארון, וואס איז אויסגעשמירט מיט סמאלע, און מען זאל, פאר קיין אופן, קיינעם נישט לאזען געהן צו דער לויה. אזויגע פראיעקטען האט מען מיט 10 יאהר צוריק פארגעשטעלט אויך אין פאריז און אנדערע גרויסע שטעדט פון פראנקרייך, דארטען האט מען אפילו פארגעלייגט, מען זאל דעם בר־מינן אריינלייגען אין איין ארון, וועלכען מען האט פריהער מיט זעגעכץ אנגעשאטען און דעם ארון גוט פערמאכען.

אין בעלגראד (די הויפטשטאדט פון סערביע) האט אין יאהר 1891 די פאליציי זעהר שטרענג פערבאטען צו קושען דעם מת, וואס איז געשטארבען אויף איין אנשטעקענדער קראנקהייט (א מנהג, וואס

איז נאך עד היום נוהג אין סערביע). דער פערבאט איז ארויסגעקומען טאקע מחמת דעם, וואס צוליעב דעם דאזיגען מנהג, איז אין בעלגראד אויסגעבראכען א שרעקליכע דיפטעריטישע עפידעמיע. מיר אבער דארפען נישט ווארטען ביז דאס אומגליק וועט אונז צווינגען ביי אונז אויף די דאזיגע מיטלען איינצופיהרען, מיר דארפען עס טהון בעצייטענס.

נישט לאנג איז אין פעטערסבורג ארויס א קול, אז מען וועט פארלעגען א פראיעקט, מען זאל אסר'ען צו פיהרען געשטארבענ'ע קינדער אין די געוואהנליכע וועגען, אין וועלכע מען פיהרט גרויסע געשטארבענע.

די וועגען וועלכע זענען בעשטימט אוועק צו פיהרען געשטארבענע קינדער, דארפען זיין שווארץ געשטריכען: מען דארף אזוינע וועגען בעשלאגען מיט אזא מאטעריאל, וואס מען קאן עס לייכט ריינינגען, דהיינו פון וואקס-טוך, לעדער אדער האלץ אנגעשטריכען מיט עהל-פארב. דער גוף פון דעם בר-מינן, וואס איז געשטארבען פון איין אנשטעקענדער קראנקהייט, דארף מען באלד אריינלעגען אין איין ארון און צודעקען מיט א דעק, וועלכען מען זאל פאר קיין פאל נישט עפענען. דער ארון מוז געמאכט ווערען, אז עס זאל קיין שום פייכטיגקייט נישט דורכלאזען און דער דעק מוז גוט צום ארון צוקומען.

מיר ווינשען זעהר, אז דער עולם זאל אונזערע ווערטער לעזען מיט כונה, עס זאל איהם נישט אין איין אויער אריין און פון דעם אנדערען ארויס. איינע פון די גרעסטע מצוות ביי אונז יודען איז „ושמרתם לנפשותיכם", דאס הייסט איהר זאלט היטען אייער לעבען; מען דארף צוליעב א מנהג נישט איין שטעלען דאס לעבען פון טויזענדער נפשות אין סכנה. מען דארף זעהען אבצוהיטען די אלע אויבענדערמאהנטע כללים, אונזערע מוטערס א סך צער און יסורים פערשפארען און וועלען אויסהאדיווען געזונדע און שטארקע קינדער.

ש — ג.

---

# די בעל-הבתי'שע ליטעראטור.

(ענדע).

„עס איז געוועזען צייטען — איז זיך אונזער מחבר מודה — וואס איך פלעג טראכטען, איך וועל פאהרען גלייך קיין ווין און צופאהרען גלייך צום דאקטאר הערצל, אנקלינגען, בעטען א „וויזיט" אויף צעהן מינוט און וועל איהם זאגען אזוי: הער דאקטאר! אזוי ווי דו ביזט דאך די קאפ פון אלע ציוניסטען, דו ביזט דאך דער טאטע פון אלע יודען היינטיגען טאג... דו ביזט דאך דער דאקטאר וואס דו היילסט די וואונדען פון די הערצער ביי אלע קראנקע מענשען פאר הונדערט טויזענד מייל... איך בעט דיך, ליבער דאקטאר, שרייב צו אט די צוויי רעצעפטען: תפלין און ציצית!"...

איהר הערט? פריהער האט ער געוואלט ציצית, איצטער וויל ער שוין תפלין אויך: א יוד האט דיר גרויסע אויגען, א יודען איז דיר קארג די גאנצע וועלט!...

„נאר דערנאך — אזוי דערצעהלט אונז ווייטער אונזער בעל-הבתי'שער בעל-מוסר — דערנאך האב איך מיך מיישב געוועזען, און וואס וועל איך טהון אז דער שווייצאר וועט מיך נישט צולאזען?"...

הערט איהר, וואס איך וועל אייך זאגען, רבותי, אט דער שווייצאר, לעבען זאל ער, איז טאקי א חיות! מי יודע וואס פאר סברות און וואס פאר עצות און וואס פאר איינפאלען מיר וואלטען זיך געקאנט אנהערען אלע טאג פון יעדען איינציגען ליידיג-געהער, ווען ביי אונז ביי דער טהיר זאל נישט שטעהן קיין שווייצאר און זאל נישט א פרעג טהון גלייך אין פנים ארײַן „טשטא נאדא?"... *)

איהר מיינט אפשר, אז נאר איין מאל אדער צוויי מאל האט זיך געטראפען, וואס אונזער עברי אנכי האט חשק געהאט זיך דורכפאהרען צום דאקטאר הערצל מכח דעם ארבע כנפות אויבע אויפ'ן פראק?

„אלע טאג — זאגט ער — קומט מיר ארויף אויפ'ן זינען אין פאנטאזיע, אט פאהר איך צו הערצל'ען גלייך, אהן שטעריי; גלייך צו נארדוי, וואס האב איך מורא? איך וויל זיי ארויסזאגען וואס ביי מיר אויפ'ן הארצען, וואס אויפ'ן לונג דאס אויפ'ן צונג. מעהר ווי ארויסטרייבען וועלען זיי דאך מיך ניט!..."

געפעלט אייך אביסל דאס פראסטקייט פון אונזער בעל-הבתי'שען בעל עצה! ער איז מוחל אויף זיין כבוד, ער איז אנגעברייט ממש מקריב זיין זיך צוליעב דער אידעע — מעהר ווי ארויס-טרייבען וועט מען איהם דאך ניט, היינט וואס האט ער מורא?...

„אבער פונקט אין מיטען דערמאהן איך מיך — אזוי איז ער זיך מודה גאנ'ץ אפענטליך, ווי דער שטיינער איז פון די בעל-הבתי'שע מחברים — קיין גביר בין איך ניט, דאס הייסט במחילה נאר א גרויסער קבצן; פטר'ען, ווי מע זאגט, די לעצטע עטליכע גראשענס און נאר נישט מאכען, איז עפים גאר ניט געשמאק, ביי די לעצטע יאהרען..."

איהר פערשטעהט צי ניין? פארט א יודישע קאפ! א יוד ניט עצות, מאכט פלאנען, פאהרט אין דער וועלט אריין, האט קיין מורא ניט פאר ארויסטרייבען, וועמען הערט ער? — און קומט צו עפים — זיצט ער אין דערהיים, ווארום א מענש א בר-דעת הויבט זיך ניט אויף פלוצים אין מיטען דרינגען פאהרען צו הערצלען קיין ווין: פאהרען פאהרט מען אויף טארגעס, אויף א יריד, אדער אזוי א געשעפט, אבער ניט גלאט אזוי צו א מענשען וואס איך קען איהם ניט און וויים איהם ניט, געבען עצות; פריש, הייסט דאס, און געזונד און משוגע!...

די בעל-הבתי'שע מחברים, אז זיי האלטען שוין ביי שרייבען, דאס הייסט אז זיי פערקאטשען די ארבעל און זעצען זיך אוועק שרייבען, שטעהען זיי ניט אויף פונ'ם טיש, לייגען נישט אוועק די פען, און בערוהיגען זיך נישט, ביז זיי געבען נישט ארויס פון זיך אלצדינג וואס זיי האבען אינוועניג און ליידיגען זיך נישט אויס אין גאנצען, ביז עס בלייבט שוין ביי זיי נישט איבער גאר נישט, קיין סימן אפילו. דעריבער גיסט זיך ביי זיי תחלת ווי פון א פאס, און אז סע קומט צום סוף קוועטשען זיי ארויס פון זיך שיטערע געדאנקען, וואס קלעבט זיך ניט א ווארט צו א ווארט, נאר ארויסזאגעי מוז ער דאס, איבערלאזען ביי זיך קאן ער נישט, און אגב ווילט זיך איהם טאקי באווייזען וואס ער קאן. איהר מיינט דאך א נדאי, אז א יוד. וואס קאטארי ער האלט ניט פון טרפה פי... פי... פירישקעס און „כל-בת", ווייסט שוין ניט וואס אין פראנציע טהוט זיך? וואס געהער זיך אן דאס מיט דעם? איך בין מיר טאקי א יוד פונ'ם אלטען שניט

*) וואס וויל מען?

א יוד וואס האלט פון שלחן ערוך, מזוזות, ציצית און תפילין, גאר אין וועלט־זאכען, חכמות, קענטעניס, וויסענשאפטען, וועל איך זיך אויסגלייכען מיט אלע אייערע גרעסטע, און ווער שמועסט דארט וואו ס'איז שייך צו פאליטיקע און פילוסופיא וועל איך אפשר פערשטע־קען אין גארטל אלע אייערע סלאנימסקעס, מיט אייערע סאקאלאווס, מיט אייערע אחד־העמ'ס. אט הערט אימיסטנע ווי דער עברי אנכי לאזט אויס זיין שמועס מכח ציוניזם און מכח אמונה:

„איך פארשטעה גלאט ניט — זאגט ער — וואס וועלען מיר דארטען אין ארץ ישראל טהון אהן גלויבען? שטעלט אייך פאר, אז די ציונים האבען אונז אריינגעבראכט קיין ארץ ישראל; עס איז שוין געווארען א גרויסע באנק; רויטשילד מיט אלע גרויסע גבירים האבען גענומען זיך מיט זייערע קאפיטאלען אין דעם געשעפט; הערצל, נארדוי, אלע גרויסע מענשען ארבייטען אין די הויכע פענסטער — אלע מלכים האבען אויף אונז רחמנות געהאט, אזוי ווי מיר האבען געזעהען, ווי גרויסע גאר שטארקע פראוויטעלסטוועס בעטראכטען א קליין פאלק און מע טהוט דעם א טובה — הקצור מיר זענען שוין אין ארץ ישראל. יא, לאמיר זיך פארשטעלען אויף א קליינער ווייליע אזא קארטינקע; זעהר פיין, זעהר שיין! אבער וואס וועלען מיר דאר־טען פארט טהון אהן א גלויבען?...״

מיר זענען דאך שוין פארטיג, פערשטעהט איהר מיך, מיט אלסדינג ארום און ארום און עס געהט אונז גאר אפ א גלויבען, און אזוי ווי די ציוניסטען לייקענען דאך אפ מן הסתם דעם גלויבען, אז ניט, צו וואס קלויבען זיי זיך צונויף מיט זייערע דאקטוירים און מיט זייערע ווייבער אלע מאל אויף „סאבראניעס״, זאגען „רעטשען״ און פליעסקען בראווא? פון וואס רעדט מען דארטען? פון ציצית און תפילין ניט א לעק, גאר פון טרפה פי... פי... פי... פירישקעס מיט „כל־בת״. לכן האט זיך אונזער בעל מוסר יעקב ב״ר ליב סאטמאן אנגענומען די קריוודע פון הקדוש ברוך הוא און איז ארויס ווי א מליץ יושר פאר אונזער הייליגער אמונה מיט אלע זיינע לעצטע קרעפטען.

„אדרבה — זאגט ער — זאל מיר איין מענש געבען א ראיה פון נאך א פאלק וועלכע עס גלויבט ניט און לעבט פאר זיך און ס'איז שלום ושלוה? מיר ווייסען די גליקען וואס פראנציע האט געמאכט.״

אז אך און וועה איז נעביך פראנציע, אז זי איז אריינגעפאלען צום עברי אנכי אין מויל אריין, האט איהר שוין א ודאי איהר ניט וואס צו מקנא זיין!... צו בעפעסטיגען דעם רעיון פון אמונה ברענגט אונזער בארימטער פאליטיקער יעקב ב״ר ליב סאטמאן אזא משל:

„ווער טהוט אן דעם ערשטען מאל אויף דעם קייסערס קאפ די קרוין אויב ניט א רב? ווער בענשט דעם מלך מיט זיין פרוי מיט זיינע קינדער אין דער בעסטער צייט אויב ניט דער הייליגער מענש? גלייך ווי א מלך קאן ניט זיין אהן א פאלק, אזוי קאן א מלך מיט זיין פאלק ניט זיין אהן א גאט!...״

עס קומט אויס דערויף: אזוי ווי א בייגעל איז קיילעכיג אזוי איז דאס לעבען ביטער, און אזוי ווי שניי איז וייס אזוי דרעהט זיך מיר דער קאפ...

צום סוף בוך רעדט אונזער בעל־הבתי'שער פערפאסער א בי־סעל פון דער „ציוניסטישע מאביליזאציע״ דאס הייסט פון צונויפ־זאמלען אונזערע ציוניסטישע כחות, און דערמאנט דאס ווארט מאבי־ליזאציע היבשע עטליכע מאל, כמעט אויף יעדער שורה, צו בעווייזען, אז דאס דאזיגע ווארט, חאטש ס'איז אפילו א הארבליך ווארט, וואס ניט יעדער יוד פערשטעהט וואס דאס איז און נישט איטליכער קאן דאס אויסרעדען אויפ'ן גיכטערען הארצען, פון דעסטוועגען נאט הוקט, מיר ווייסען דאס אויך! זעהט, אדרבה וואס מיר זענען! אט האט איהר א יודען דאכט זיך מיט ציצית און מיט תפילין און דווקא אהן „כל־בת״ און אהן טרפה פי... פי... פי... פירעשקעס און פון דעסטוועגען אז איהר ווילט רעדט ער אייך פון מאביליזאציע, פון ציוויליזאציע, מאנציפאציע, קאנאליזאציע, און פון וואס ניט?...

שלום־עליכם.

## ליטעראטור און קונסט

— דעם הייניטיגען חנוכה האט מען אין האמעל (רוסלאנד) פאר־געשטעלט א דראמא אויף העברעאיש מיט דעם נאמען „יהודה המכבי״, וועלכעס דער יודישער שרייבער ק. ל. סילמאן האט פערפאסט. פאר־געשטעלט האבען עס קינדער פון דער שולע, וואס ה' אדלער האלט. די דראמא האט ביין עולם שטארק אויסגענומען.

— דער רוסישער שריפטשטעלער מאקסים גארקי שרייבט איצט א דראמא „Жидъ“ (דער יוד).

— עס איז ארויס דאס ערשטע העפט פון דעם העברעאישען מאנאטליכען איליוסטרירטען זשורנאל „הקשת״, וועלכער געהט ארויס אין בערלין אונטער די רעדאקציע פון ד״ר יוסף ליאן. אין דעם דאזיגען העפט געפינען זיך ארטיקלען פון: ברייגען; באראן פון מינכהויזען; טורב; טשערניחאווסקי; סלאשטש; פיכמאן און נאך אנדערע. אויך בילדער און איליוסטראציעס פון: ליליען; הערמאן שטרויך און נאך אנדערע.

### אלערליי.

(א שמיעד א שריפטשטעלער). אין אואיילס (ענגלאנד) געפינט זיך א שמיעד מיט דעם נאמען זשאן זשאנס, וועלכער לעבט פון ארבייט אין קוזנע. אין די צייט ווען ער איז פריי, בעשעפטיגט ער זיך מיט ליטעראטור. שוין 40 יאהר אז דער שמיעד שרייבט איינענע ווערק און פערפאסט שירים, זיין הויפט ליטעראַרישע ארבייט בעשטעהט אין דעם זאמלען אלטע מאנוסקריפטען, וועלכע ער גיט ארויס. די לעצטע צייט איז ער געצוואונגען געווען צו פערקויפען זיינע געזאמעלטע מאנוסקריפטען און פאר דעם געלד צו דאקטערען זיין זוהן, וואס איז קראנק אויף שווינדזוכט. דער אלטער ארעמער שמיעד האט גרויס צער דערפון, וואס ער קאן זיינע ליטעראַרישע ארבייט נישט ווייטער ארבייטען.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— די חברה דאקטוירים אין מאסקווא, האט דערלאנגט א בקשה צום מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג, מען זאל צו לאזען פרויען אין מע־דיצינישען פאקולטעט פון מאסקאווער אוניווערזיטעט.

— דער פעטערסבורגער פעראיין צו שיטצען פרויען ארבייט אויס א פלאן צו ארגאניזירען און איינצוארדענען אבטיילונגען פון דעם פעראיין אין א סך שטעדט אויף דער פראווינץ.

— נישט לאנג איז אין פעטערסבורג געווען דער ערשטער „אבענד" פאר די מייסטערינען און שילערינען פון די ארבייט אנשטאלטען, וועלכע דער פעראיין צו פערבעסערען די פרויען־לאגע האט געמאכט. אויף דעם „אבענד" האט געשפיעלט מוזיק און מען האט געטאנצט און גוט פערבראכט. אזוינע אבענדע וועט זיין 2 מאל אין חודש.

— די אלמנה פון דעם סוחר אסטראוכאו אין יעקאטרינעסלאוו (רוסלאנד) האט מנדב געווען 100,000 רובל צו בויען א שפיטאל פאר ארעמע קראנקע קינדער.

## II. יודישע נייעס.

— דער לאנדאנער יודישער פרויען־פעראיין האט מודיע געוועזען ביי דער לעצטער אספה, וואס איז נישט לאנג געוועזען, אז היינטיגעם יאהר האט מען צוזאמענגענומען 19,220 קליידער. דערפון האט מען שוין צעטהיילט ארעמע קינדער 16,839 קליידער.

— די פרוי פון דעם לאנדאנער לארד ראטהשילד האט מנדב געוועזען אין דעם טאג פון איהר זילבער האכצייט 25,000 פראנק אויף פערשיעדענע צדקות.

---

# דאס יודישע פרויענגליק.

אמאל ביי אונז יודען פלעגט מען חתונה האבען יונג, די פרוי האט בעזארגט די הויזליכע זאכען און דער מאן — די הויז־הוצאה. איהם איז ניט געווען צו שווער אויסהאלטען זאנאר א פאמיליע פון 10—15 פערזאן; די מוטער ווי אויך דער פאמיליענפאטער פלעגט זיינע קינדער האדעווען, לעהרנען, חתונה מאכען, ניט נאר טעכטער, נאר אפילו זיהן און געהאלטען פאר א הייליגען חוב דאס יונגע פאר, די ערשטע צייט, ווי ווייט מעגליך צו שטיצען, געבען זיי וואהנונג, קעסט א ד. ג. פון לוקסוס האט מען אמאל ניט געוואוסט, נאר עסען, טרינקען, קליידען זיך פלעגט מען אמאל אויך ניט שלעכט און איינפונדעווען א טאכטער מיט איין אויסשטייער, אז זי פלעגט נאך אלס באבע קענען בענוצען איהרע חתונה־קליידער.

ביי היינטיגער צייט, ווי דער יונגער מאן אזוי אויך דאס פריילין האבען חתונה אלט און אפטמאל גאר ניט, קיין האפנונג אין דער השגחה איז ניט דא, ער ציטערט פאר דעם חתונה האבען ווי פאר'ן טויט און ווען ער ענטשליסט זיך יא אמאל דאצו, פערלאנגט ער אויסער געלד, שיינהייט, און רייכע אויסשטייער, און אויך דאס פריילין זאל נאך איהם העלפען פערדינען, מיטשלעפען דעם יאך פונ'ם לעבען. ווען נאט גיט א קינד זוכט מען אלע מיטלען אנצוווענדען, די פאמיליע זאל ניט ווערען גרעסער.

מייסטענס ווערען יעצט געשלאסען אזא ארט שדוכים: ער איז א בוכהאלטער, זי איין אקושערין; ער א לעהרער, זי דענטיסטין; זי האלט אמעדכענשולע, ער איז איין אגענט. דאכט זיך ניט שלעכט, ביידע פערדיענען, קינדער איז ביי אלטען וועניג פאראן, ביי אנדערע גאר ניט, און דאך — וואו איז די הצלחה? מען ארבייט ביידע קוים אויס דאס שטיקעל פרנסה.

די פרויען־עמאנציפאציאן האט אויסגעפירט, אז דער פרוי איז יעצט אין פיעל זאכען בעסער, זי האט ערהייכט פיעל וואס זי האט געוואלט. מיר האבען יעצט דאקטארינען פון מעדיצין, מאטהעמאטיק, די מאדען, דאמענקליידער זענען ביי פרויען אין די הענד; זיי האבען שוין דאס רעכט גלייך ווי די מענער, אפטמאל שווער און ביטער צו ארבייטען אויפ'ן שטיקעל ברויט, — אבער פיהלען זיי זיך גליקליך? — דאס איז נאך איין אפענע פראגע.

אמת, זי איז יעצט ניט געצוואונגען צו זיצען ווי אמאל ביי די עלטערן און ווארטען אויף דעם חתן, דאס גוטע וואס די עמאנציפאציאן האט איהר געבראכט און פאר וואס מיר פרויען דארפען איהר דאנקבאר זיין, איז די פרייהייט צו געהן פאר אזא מענשען וואס איהר געפעלט און מאכען זיך אהיים ווען איהר געפעלט. נאר יעדע זאך האט איהרע צוויי זייטען, און די שלעכטע זייט דערפון איז דאס אליינפערדיענען. די זעלבסטשטענדיגקייט האט אין איהר געטייטעט דעם וואונש וואס פריהער איין אייגענעם ווינקעל צו זוכען. נאר איז זי דען אין גאנצען אין דעם שולדיג.?

יא, זי איז יעצט שטאלצער ווי אמאל און זי האט רעכט צו האלטען הויך דעם קאפ, דאס אליין פערזארגען זיך האט איהר ביי זיך אליין אין די אויגען אויפגעהויבען, פריי קוקט זי יעצט אויף דער וועלט: „איך בין מענש גלייך מיט אלע!" יונג און אלט מוז איהר אכטען און ווען עס האט איהר „אין לעבען ניט פאסירט", ד. ה. זי האט ניט געהאט דאס גליק צו טרעפען אזא מענשען וואס זי האט געוואלט מיט איהם מאכען זיך אהיים און זי בלייבט זיצען, פאלט זי ווייניגסטענס קיינעם ניט צו לאסט און איהר בלייבט דער טרייסט זי דארף צו קיינעם ניט אנקומען.

אבער די מענער, מייסטענס פערברענטע געגנער פון דעם פרויענרעכט — בעטראכטען עס אנדערש: „גוט אויסגעפיהרט, לאכען זיי זיצען ביז'ן גרויען צאפ!" (ווי גלייך די מענער טיילען דאס גליק אדער דאס אומגליק אויף דער וועלט). פרייט איך ניט צו פריה, ניט איהר נאר די פרויען האבען געמאכט א בונט געגען חתונה האבען, אייערע גאלדענע צייט איז שוין לאנג פארביי, ווארפט אוועק אייער פוסטען מענערשטאלץ. אום צו חתונה האבען איז שוין היינט וועניג דאס קענען אסך פערדיענען, וואס הארעוועו הייסט און פערדיענען ווייסען מיר פרויען שוין היינט אויך, פאר נויט אין לעבען האבען מיר שוין היינט אויך קיין מורא ניט. די פרויען פערלאנגען יעצט פון אייך עטוואס גרעסערס, בעסערס: זייט מענשען! סטארעט זיך מיר זאלען אייך אויך האבען פאר וואס צו אכטען, דאן וועט דאס פאמיליענלעבען ווידער אויפבליעהען, דאס זעלבע שיינע יודישע פאמיליענלעבען, וואס איהר טריע, ריינהייט און הייליגקייט פלעגט שטענדיג זיין א מוסטער פאר אנדערע פעלקער.

פאולינע ראבינאוויץ.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.

פערלאג „פאלקסבילדונג".

# „הזמן" יחל לצאת בפטרבורג מיום 1 יאנואר 1903

## שתי פעמים בשבוע

**עם ארבעה מאספים בשנה לכל עניני העם העברי. לספרות ולמדע ולעניני המדינות.**

בהשתתפות

## ד"ר י"ל קאצענעלסאהן ודוד פרישמאן.

ב„הזמן" יבואו בתמידיות הפרקים האלה:

א) **מאמרים לשאלת הזמן.** על כל צרכי החיים של העם העברי, על מצבו החמרי והרוחני, על החנוך והכלכלה ועל דבר עניני הצבור של עם ישראל ומוסדותיו, על הישוב בארץ ישראל ועל כל השאלות הציוניות.
המאמרים יהיו כתובים בידי אנשים מומחים ובקיאים, כל אחד במקצוע שלו.

ב) **חיי העם בערי המדינה.** ב„הזמן" יבאו תמיד מכתבי-סופרים מיוחדים וקבועים מכל מושבות בני ישראל הגדולים — סופרים, היודעים את אשר לפניהם.

ג) **חדשות.** כל הנוגע לחיי ישראל בארצנו ובחוץ לארץ מהמקורות הראשונים, כל דבר בעתו.

ד) **דברי סופרים.** השקפה על העתונים אשר לעם ישראל בשפות שונות בפרט ועל מאמרי סופרים במכה"ע הכללים, באותה מדה שיהיו ראוים לשום אליהם לב, בכלל — ובאופן שיוכלו הקוראים לברוא להם מושג כללי ממהלך הרוחות אשר בדעת הקהל.

ה) **הספרות היפה.** „הזמן" יתאמץ להביא לפני הקוראים ממטב הספרות היפה, מפרי עטם של מספרינו ומשוררינו הנודעים יחביבים על קהל הקוראים. הציורים הקטנים יבאו לרוב במכתב העתי, והספורים הגדולים יופיעו בארבעת המאספים לרבעי השנה.

ו) **חכמת ישראל.** מאמרים מקורים על דברי ימי ישראל וספרותו וכו'. למקצוע הזה יקדש מקום גדול בארבעת המאספים והשקפות תמידיות הבאנה גם ב„הזמן" על עבודת חכמי ישראל שבמערב.

ז) **בקרת.** את החלק הזה, הנחוץ מאד להתפתחות שפתנו וספרותה, מסרנו בידים אמונות בתור מחלקה קבועה. כל ספר חדש שיצא לאור בלשון עבר ובלעז (הנוגע לעם ישראל וספרותו) יבוקר בלי אחור זמן.

ח) **פיליטונים.** ב„הזמן" יבאו פיליטונים בדבר כל שאלת חיינו, ערוכים בידי סופרינו המובחרים הידועים לשם בספרותנו ביצירותיהם המלאות מלאכת מחשבת.

ט) **עניני המדינות.** השקפה על החיים המדינים של עמי תבל, כתובה בידי מומחה לאותו דבר.

י) **ידיעות כלליות.** השקפה ברורה ושימת עין על כל החדשות והידיעות הכלליות הנוגעות לכל אדם באשר הוא אדם.

יא) **מאמרים כללים מעולם האמנות,** המדע הספרות וידיעות הטבע.

יב) **תשובת בית המערכת,** ע"ד ענינים ספרותים, דברי חוקים ומשפטים, הנוגעים לאחב"י.

**בארבעת המאספים, שיצאו לאור לתקופות הזמן (מאסף לרבע שנה), יבואו מאמרים גדולים, ספורים ושירים וכו', אשר לרוב כמותם אין מקומם במכתב עתי.**

## כל מאסף יחזיק לערך 200 עמודים בפורמט גדול.

**ב„הזמן" ובמאספיו יקחו חלק הסופרים האלה:**

ש"י אבראמאוויץ (מענדלי מוכר ספרים). ד"ר מ. א. אייזענשטאדט, יעקב איזראעלסאן, שלום אש, בן אביגדור, ר. בריינין, ב. בראנדט, ד"ר ש. ברנפלד, פ. געץ, ברון דוד גינצבורג, מ"מ דוידזאן, א. דרויאנב, ד"ר ח"ד הורוויץ, ד"ר א. א הרכבי, ש. ווינער, יוסף אליהו טריווש, ד"ר יצחק טובים, זאב יעבץ, דוד כהנא מרדכי בן הלל הכהן, משה ליב לילענבלום, א. ד. ליפשיץ, א. ל. לעווינסקי, יעקב מזא"ה, ד. מגיד, ד"ר י. מרגלין, ה. ד. לאמבערג, י"ל פרץ, ו. פערפערקאוויץ, ד"ר ש. פאזנאנסקי, ש פרוג, צבי פרילוצקי, ש"ל ציטראן, ד"ר ל. קאנטאר, ש. ראזענפעלד, ח"י ראבניצקי, רב צעיר, א. ז. ראבינאוויטש, א. שולמאן, י. שטיינבערג.

בפרחי הפובליציסטיקא וחכמת ישראל יעבוד עבודה קבועה, מלבד העורך בן-ציון כ"ץ, גם הד"ר י"ל קאצנעלזאן; חלקי הספרות היפה, הפוליטון והמדעים הכללים מסורים ביד הסופר דוד פרישמאן. על המחלקה הציונית יפקח ד"ר יצחק בן יוסף טובים.

## הגליון הראשון אשר יצא לאור ליום 1 יאנואר, ישולח לכל דורשיו חנם אין כסף.

המחיר לשנה 6 רו"כ, לחצי שנה 3 רו"כ, ולרבע שנה 1 רו"כ 50 קאפ'.
בחו"ל — לשנה 8 רו"כ, לחצי שנה 4 רו"כ ולרבע שנה 2 רו"כ.

העורך והמו"ל **בן־ציון כ"ץ.**

כתבת „הזמן":

**Редакція Газеты „Газмонъ" С.-Петербургъ, Екатерниискій каналъ 68.**

בווארשא אפשר לחתום ע"י הוצאת „תושיה".

Издательство „ТУШІЯ" Варшава. — Verlag „TUSCHIJAH" Warschau.

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S. L Deutscher Podgorze b-Krakau